קנוט האמסון

# וויקטאריא

(א געשיכטע פון א ליעבע)

אידיש פון

ב. לאפין און מ. ווארשע

פערלעגער: מאקס יאנקאוויץ
141 דיוויזשאן סטריט, ניו יארק
1911



די אידישע איבערזעצונג פון „וויקטאָריאַ“ איז געמאַכט פון דער רוסישער אויסגאבע פון „שיפּאָווניק“, איבערזעצונג י. באַלטרושאַיטיס.

די איבערזעצער.

## 1.

דעם מילנער׳ס זוהן איז זיך געגאנגען און געטראכט. ער איז געווען א געזונדער יונג פון פיערצעהן יאהר, פערברענט פון דער זון און ווינד, פול מיט פערשיעדענע געדאנקען.

ווען ער וועט אויסוואקסען, וועט ער זיין אן ארבייטער אויף א שוועבעלעך־פאבריק. דאס וואלט געווען אזוי ענטציקענד־געפעהרליך, די פינגער וואלטען ביי איהם געווען אין שוועבעל, און קיינער וואלט זיך ניט דערוועגען איהם די האנד צו געבען. זיין שרעקליכער ארבייט וואלט דערוועקט גרוים אבשיי פאר איהם ביי זיינע חברים.

ער האט נאכגעקוקט זיינע פויגעל אין וואלד. ער האט זיי אלעמען גע־קענט, געדענקט, וואו ס׳זענען זייערע נעסטען, פערשטאנען זייערע קולות און פערשיעדען זיך אבגערופען אויף זיי. ניט איינמאל האט ער זיי געגעבען קייקעלעך פון טייג פון פאטער׳ס מיהל.

די אלע ביימער אין דער לענג פון שטעגעל זענען געווען זיינע גוטע בעקאנטע. זומער פלעגט ער נעהמען פון זיי זאפט, ווינטער פלעגט ער פאר זיי זיין ווי א קליינער טאטע, פלעגט אראבשארען פון זיי דעם שניי, אויפהויבען די צווייגען. און אין דער הויך אפילו אין דער פערלאזענער שטיין־האקעריי, איז קיין איין שטיין איהם ניט גע־ווען אומבעקאנט. ער האט אויסגעקריצט אויף די שטיינער בוכשטא־בען און צייכענס און האט זיי אויסגעשטעלט בעזונדער, אין אן ארד־נונג, ווי א געמיינדע ארום דעם גלח. פיעל וואונדערליכע זאכען פלע־גען געשעהן אין דער אלטער שטיין־האקעריי.

ער איז אראב פון שטעג און געלאזט זיך צום גרעבלע. די מיהל האט געארבייט, א שרעקליכער און שווערער רויש איז געווען ארום. ער איז געווען געוועהנט ארומצובלאנקען זיך דא אין דער נאהענט און רעדען מיט זיך אליין; יעדע בלעזעל שוים האט געקענט דערצעה־לען עפעס א קליינעם לעבען, און דארטען ביי׳ן שליוז איז דער וואסער געפאלען משופע׳דיג בארג אראב, און אויסגעזעהען האט עס ווי א וויים געוועב, וואס מען האט ארויסגעהאנגען צום טריקענען. אין טייך,

נידריגער פון׳ם שטראָם, זיינען געוועזן פיש; פיעל מאָל איז ער דאָרט געשטאַנען מיט זיין ווענדקע.

ווען ער וועט אויסוואַקסען, וועט ער זיין אַ וואַסער־טוקער. דאָס האָט ער געוואָלט. אַט וואַרפט ער זיך אין ים אַריין פון שיף־דעק, דערזעהט פּרעמדע מלוכות און לענדער מיט גרויסע, וואונדערבאַרע וועלדער און אַ שלאָס פון קאַראַלען אויף׳ן גרונד. און פון פענסטער ווינקט צו איהם אַ פּרינצעסין און זאָגט: קום אַריין!

און אָט דערהערט ער, ווי מען רופט איהם פון הינטען, ס׳איז געשטאַנען דער פאָטער און געשריען: יאָהאַנעס.

— ס׳איז געקומען אַ מענש נאָך דיר פון שלאָס. דארפסט אַריבערפיהרען יונגוואַרג אויף׳ן אינזעל.

ער איז גיך אַוועק. אַ נייע גרויסע גענאָד האָט געוואַרט אויף׳ן מילנער׳ס זוהן.

איינגעטונקט אין גרינס, האָט דער פּריצ׳שער פּאַלוואַרק אויסגעזעהן ווי אַ קליינער שלאָס, יאָ, אַ צויבער־שלאָס. דאָס הויז איז געוועזן אַ הילצערן, ווייס געפאַרבט, מיט אַ סך האַלב־רונדע פענסטער אין די ווענד און דאַך, און פלעגען געסט קומען, פלעגט אויף׳ן רונדען טורם פלאַטערן אַ פאָהן. דאָס פאָלק האָט גערופען דעם פּאַלוואַרק שלאָס. נאָר פון איין זייט פון פּאַלוואַרק איז געוועזן אַ בוכטע, און פון דער אַנדערער — אַ גרויסער וואַלד; אין דער ווייטענס האָבען זיך געזעהן עטליכע קליינע פּויערשע הייזלעך.

יאָהאַנעס איז צוגעקומען צום ברעג און האָט אַריינגעזעצט די יונגע מענשען אין שיפעל. ער האָט זיי געקענט פון פריהער, דאָס זענען די קינדער פון׳ם שלאָס־אייגענטהימער און זייערע חברים פון שטאָדט. אַלע זענען זיי געגאַנגען אין גרויסע שטיוועל, און זיי האָבען געקענט געהן צופוס אין טייך; וויקטאָריע אָבער האָט געטראָגען קליינע שיכלעך און איז דערצו געוועזן ניט עלטער ווי צעהן יאָהר, — איז אויסגעקומען צו נעהמען איהר אויף די הענד און צוטראָגען איהר צום ברעג, ווען זיי זענען צוגעקומען צום אינזעל.

— מעג איך דיך אַריבערטראָגען? — האָט געפרעגט יאָהאַנעס.

— איך! — האָט געזאָגט אָטאָ, אַ אינגעל פון שטאָדט אין קאָמפירמאַציאָנס־עלטער, און האָט איהר גענומען אויף די הענד.

יאָהאַנעס איז געשטאַנען און געקוקט, ווי מען האָט איהר אַרויס־

געטראָגען הויך אויף'ן ברעג און געהערט, ווי זי האָט געדאַנקט. און אַטטאָ האָט זיך אומגעקעהרט און געזאָגט:

— אַזוי, דו גיב בעסער אַכטונג אויף'ן שיפעל — ווי רופט מען איהם?

— יאָהאַנעס — האָט געענטפערט וויקטאָריע — יאַ, זאָל ער אַכ־טונג געבען אויף'ן שיפעל.

ער איז געבליבען. די איבעריגע זענען אַוועק טיעף אין'ם אינ־זעל מיט קאָשיקלעך צו קלייבען אייער. ער איז געשטאַנען אַ שטי־קעל צייט און געטראַכט; מיט פרייד וואָלט ער געגאַנגען מיט די אי־בעריגע, און דאָס שיפעל וואָלטען זיי געקענט גאָר פּשוט ארויסשלעפּען אויף'ן ברעג. צו שווער? זי איז ניט צו שווער. ער האָט אָנגענו־מען די שיפעל און האָט זי ארויסגעשלעפּט אַ ביסעל אויף דער טרי־קעניש.

ער האָט געהערט דעם געלעכטער און פּלוידעריי פון'ם יונגוואַרג, וואָס האָט זיך אַלץ מעהר דערווייטערט. גוט, זייט געזונד. זיי וואָל־טען איהם אָבער זעהר גוט געקענט מיטנעהמען. ער ווייס פון נעסטען, ער וואָלט זיי געפיהרט אַהין, וואונדערבאַרע פערבאָרגענע היילען אין די בערג, וואו ס'וואוינען רויב־פויגעל מיט האָר אויף'ן שנאָבעל. ער האָט אפילו אמאָל געזעהן אַ הערמעלין.

ער האָט אָראָבגעשטופּט די שיפעל און האָט אָנגעהויבען צו רו־דערן צו דער אַנדערער זייט פון'ם אינזעל. ער איז שוין אָבגעפאָהרען גאַנץ ווייטלעך, ווען מען האָט איהם אָבגערופען.

— רודער צוריק. וועסט איבערשרעקען די פויגעל.

— כ'האָב נאָר געוואָלט ווייזען, וואו ס'וואוינט דאָס הערמעלין?

— האָט ער פרעגענדיג געענטפערט. ער האָט געוואַרט אַ ווייל. — מיר וואָלטען אויך געקענט אויסרויכערען אַ נעסט פון ווערים? — כ'האָב ביי זיך שוועבעלעך.

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. ער האָט אויסגעדרעהט דאָס שיפעל און איז געפאָהרען צוריק צום פריהערדיגען אָרט. ער האָט ארויסגעשלעפּט דאָס שיפעל אויפ'ן ברעג.

ער וועט אויסוואַקסען און קויפען אַן אינזעל ביי'ן סולטאַן און פערוועהרען אַלעמען דעם צוטריט צו איהם. אַ שיף מיט האַרמאַטען וועט בעשיצען די ברעגעס. מאַיעסטעט, וועלען קומען דיענער אָנזאָ־

גען, דארט איז א שיף ארויף אויף א שטיין, צושלאגען זיך, די יונגע מענשען קומען אום. זאלען זיי אומקומען! ענטפערט ער. מאיעס־טעט, זיי בעטען הילף, מיר קענען זיי נאך ראטעווען, און מיט זיי איז א פרוי אין ווייסען. ראטעוועט זיי! בעפעהלט ער מיט א דונערענדער שטימע. און ס'זענען אוועק פיעל יאהרען און ער זעהט ווידער די קינדער פון'ם שלאס־אייגענטהימער, און וויקטאריע ווארפט זיך איהם צו די פיס און דאנקט איהם, וואס ער האט איהר גראטעוועט. ניטא פאר וואס צו דאנקען, דאס איז געווען נית מעהר ווי מיין פליכט, ענט־פערט ער; געהט אייך, וואו איהר ווילט, אין מיין לאנד. און ער בע־פעהלט מ'זאל עפענען די טיהרען פון שלאס פאר די געסט און איז זיי מכבד מיט פערשיעדענע געריכטען אויף גאלדענע טעלער, און דריי הונ־דערט שווארצע שקלאפען זינגען און טאנצען פאר זיי א גאנצע נאכט. און ווען די קינדער פון'ם שלאס־אייגענטהימער דארפען שוין אוועק־פאהרען, איז וויקטאריע אין אהנמאכט, זי ליגט אין שטיב פאר איהם און יאמערט, דען זי האט איהם ליעב. לאזט מיר בלייבען דא, ניט פער־שטייסט מיך, מאיעסטעט, זאל איך זיין איינע פון אייערע שקלאפינס...

ער הויבט אן אן אויפגערעגטער גיך ארומצושפאנען איבער'ן אינ־זעל. יא, ער וויל רעטען די קינדער פון שלאס. ווער ווייס, אפשר האבען זיי איצט פערבלאנדזשעט אויף'ן אינזעל? אפשר איז וויק־טאריע פערשפארט ערגעץ־וואו צווישען צוויי שטיינער און קען ניט ארויס. ער דארף נאר די האנד אויסשטרעקען, און זי איז פריי.

נאר די קינדער האבען איהם אזוי ערשטוינט אנגעקוקט, ווען ער איז צוגעקומען. ער האט איבערגעלאזען דאס שיפעל?

— ביזט פעראנטווארטליך פאר'ן שיפעל — האט געזאגט אטטא.

— מעג איך אייך ווייזען, וואו ס'וואקסען די מאלינעס? — האט יאהאנעס געפרעגט.

שטילשווייגען. וויקטאריע האט באלד אונטערגעבאפט.

— יא, נו? — איז וואו? — האט זי געפרעגט.

דער שטאדטישער האט זיך אבער באלד געכאפט און געזאגט:

— איצט האבען מיר ניט קיין צייט צו פערנעהמען זיך דערמיט.

יאהאנעס האט געזאגט:

— איך ווייס אויך, וואו מען קען געפינען מושעלן.

ווידער א שטילשווייגען.

— פאראן אין זיי פערל? — האָט געפרעגט אָטטאָ.

— שטעלט זיך פאָר, אז פלוצלינג וועט זיין! — האָט געזאָגט וויקטאָריע.

יאָהאַנעס האָט געענטפערט: — ניין; דאָס ווייס ער ניט; אָבער די מושעלן ליגען טיעף, אויפ'ן ווייסען זאמד; מען דארף נעהמען דאָס שיפעל, און אראָבלאָזען זיך אין וואסער נאָך זיי.

נאָר זיי האָבען דעם געדאנק אויסגעלאכט, און אָטטאָ האָט געזאָגט:

— יא, דו זעהסט אויס, ווי א וואסער־טוקער.

יאָהאַנעס האָט אָנגעהויבען שווער צו אָטהמען.

— אויב איהר ווילט, קען איך ארויפקלעטערען אויף'ן פעלז און אראָבקייקלען א שווערען שטיין אין ים אריין — האָט ער געזאָגט.

— צו וואָס דארף מען עס?

— אזוי זיך, אויף גאָר ניט. איהר וואָלט א קוק געטהאָן.

נאָר דאָס האָט מען אויך ניט אָנגענומען און יאָהאַנעס איז אנשוויגען געוואָרען; א פערשעהמטער. און ער האָט זיך געלאָזט זוכען אייער, ווייט פון די איבעריגע, אויף'ן אנדערן עק פון'ם אינזעל.

ווען אלע האָבען זיך צונויפגעקליבען אונטען ביי'ם שיפעל, האָט יאָהאַנעס געהאַט פיעל מעהר אייער, ווי די איבעריגע; פאָרזיכטיג האָט ער זיי געטראָגען אין היטעל.

— ווי האָט עס געקענט געשעהן, וואָס דו האָסט געפונען אזוי פיעל? — האָט געפרעגט דער שטאָדטישער.

— איך ווייס, וואו ס'זענען די נעסטען — האָט, א גליקליכער, געענטפערט יאָהאַנעס.

— איך וועל זיי לייגען צוזאמען מיט דיינע, וויקטאָריע.

— ווארט נאָר! — האָט זיך צושריען אָטטאָ — צו וואָס?

אלע האָבען געקוקט אויף איהם. אָטטאָ האָט אָנגעוויזען אויף דער הוט און געפרעגט:

— ווער וועט מיר ערב זיין, אז די היטעל איז ריין?

יאָהאַנעס האָט גאָרניט געזאָגט. זיין גליק איז פלוצלינג פערשוואונדען. און ער האָט זיך געלאָזט צוריק מיט די אייער אויפ'ן אינזעל.

— וואָס איז מיט איהם ? וואוהין געהט ער ? — זאָגט אונגעדולדיג אַטטאַ.

— וואוהין, יאָהאַנעס ? — שרייט וויקטאָריע און לויפט איהם נאָך.

ער בלייבט שטעהן און זאָגט שטיל:

— איך וועל צוריקלייגען די אייער אין די נעסטען.

אַ רגע זענען זיי געשטאַנען און אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן.

— איך וועל געהן נאָכמיטאָג אין דער שטיינהאַקעריי — האָט ער געזאָגט.

זי האָט ניט געענטפערט.

— כ׳וואָלט דיר געוויזען אַ הייל.

— יאָ, נאָר כ׳שרעק זיך אזוי, דו האָסט געזאָגט, דאָרט איז פינסטער.

אויף דעם האָט יאָהאַנעס אַ שמייכעל געטהאָן, ניט קוקענדיג אויף זיין טיעפען עגמת־נפש און שטיל האָט ער געזאָגט:

— יאָ, אָבער איך וועל דאָך זיין מיט דיר.

... אַלע טאָג פלעגט ער שפּיעלען אין דער אַלטער שטיין־האַקעריי. מענשען פלעגען הערען, ווי ער האָט גערעדט און געאַרבייט דאָרט אין דער הויך, כאָטש ער איז געוועזען איינער אַליין, טיילמאָל פלעגט ער זיין אַ גלח און ערפילען גאָטעס־דיענסט.

דאָס איז געוועזען אַ לאַנג שוין פערלאָזענער אָרט, איצט איז דאָרט אויף די שטיינער געוואַקסען מאָך, און יעדער שפּור פון מענשליכע הענד איז פערלוירען געגאַנגען. די הייל אָבער איגוועניג האָט דעם מילנער׳ס זוהן אויסגערייניגט און בעפּוצט מיט גרויס קונסט, און דאָרט האָט ער געלעבט, ווי דער עלסטער פון דער מוטהיגסטער באַנדע אין דער וועלט.

ער קלינגט אין אַ זילבערן גלעקעל. קומט צולויפען אַ קליינינקער מענשעלע, אַ גנאָם, מיט אַ דימענט אויף׳ן היטעל. דאָס איז אַ דיענער. ער וואַרפט זיך צו דער ערד. ווען פּרינצעסין וויקטאָריע וועט קומען, פיהר איהר אריין! זאָגט יאָהאַנעס מיט אַ שטימע, וואָס טהוט דונערן. דער גנאָם פאַלט ווידער צו דער ערד און פערשווינדט. יאָהאַנעס ציהט זיך אויס בעקוועם אויף אַ ווייכער סאָפע און טראַכט. ער וועט איהר זעצען אָן דאָרט און וועט איהר פּאָרלייגען טייערע געריכטען אויף זיל-

בערנע און גאָלדענע טעלער ; א פלאַקערענדער שייטערהויפען וועט בע־לייכטען די הייל ; הינטער א שווערען פאָרהאַנג פון גאָלד־בראָקאַט אין עק פון הייל וועט ער אָנגרייטען פאַר איהר א געלעגער, און צוועלף רי־טער וועלען שטעהן אויף דער וואך...

יאָהאַנעס שטעהט אויף, קריכט ארויס פון הייל און הערט זיך איין. אונטען אויפ׳ן שטעג הערט זיך א שאָרכען אין די צווייגען און בלעטער.

— וויקטאָריע ! — רופט ער.

— יא — ענטפערט מען.

ער געהט איהר אַנטקעגען.

— איך דערוועג זיך כמעט ניט — זאָגט זי.

ער ציהט מיט די פּלייצעס און ענטפערט :

— איך בין נאָר וואָס דאָרט געווען. איצט קום איך פון דאָרט.

זיי געהען אריין אין הייל. ער ווייזט איהר אָן א טראָהן אויף א שטיין און זאָגט :

— אויף דעם שטיין איז געזעסען אריעז.

— אָ, רעד ניט מעהר, דערצעהל מיר ניט וועגען דעם ! האָסט זיך ניט געשראָקען ?

— ניין.

— יא, האָסט דאך אָבער געזאָגט, אז ער האָט נאָר איין אויג ; דאָס האָבען גנאָמען איין אויג.

יאָהאַנעס האָט זיך פערטראַכט.

— ער האָט געהאַט צוויי אויגען, נאָר אויף איין אויג איז ער געווען בלינד. ער האָט עס אליין געזאָגט.

— וואָס נאך האָט ער געזאָגט ? ניין, רעד ניט !

— ער האָט געפרעגט, צי כ׳וויל ניט ביי איהם דיענען.

— דו האָסט עס אָבער ניט געוואָלט ? גאָט בעהיט !

— אודאי, האָב איך ניט געענטפערט : ניין.

— ביזט פון זין זין אראָב ! מ׳זאָל דיך פערשפאַרען אין די פעלזען ?

— יא, כ׳ווייס ניט. אויף דער ערד איז אויך שווער.

שטילשווייגען.

— זינט ס׳האָבען זיך בעוויזען די שטאָדטישע יונגלעך, ביזטו אלץ מיט זיי — זאָגט ער.

וויעדער שטילשווייגען.

יאָהאַנעס רעדט ווייטער.

— נאָר איך האָב מעהר כח ווי וועד ניט איז פון זיי צו טראָגען דיך און ארויסצונעהמען פון שיפעל, כ'בין זיבער, אז כ'וואָלט געקענט האַל־טען דיך אַ גאַנצע שעה. זעה.

ער האָט איהר ארומגענומען און אויפגעהויבען. זי האָט זיך אָנגע־האַלטען אָן זיין האַלז.

— זעהסט, מעהר קענסטו שוין ניט.

ער האָט איהר אראָבגעלאָזט אויף דער ערד. זי האָט געזאָגט:

— יא, אָטטאָ איז אָבער אויך שטארק. און ער האָט זיך געשלאָגען מיט דערוואקסענע.

יאָהאַנעס פרעגט אונגלויביג.

— מיט דערוואקסענע?

— יא, ער האָט זיך געשלאָגען. אין שטאָדט.

שטילשווייגען. יאָהאַנעס האָט זיך פערטראַכט.

— איז גוט, מעהר קען ניט זיין אזוי — זאָגט ער. — איך וויים שוין, וואָס צו טהאָן.

— וואָס ווערסטו דען טהאָן?

— כ'וועל ווערען אַ דיענער ביי'ן ריעז.

— ניין, ביזט פון זין אראָב, הערסט! — שרייט אוים וויקטאָריע.

— נו, אודאי, איך בין זעהר צופריעדען. כ'וועל טאָקע טהאָן אזוי.

וויקטאָריע טראַכט וועגען אַן אויסוועג.

— יא, נאָר אפשר וועט ער שוין מעהר ניט צוריקקומען?

יאָהאַנעס ענטפערט:

— ער וועט נאָך קומען.

— אַהער? — פרעגט שנעל וויקטאָריע.

— יא.

וויקטאָריע שטעהט אויף און וויל אַוועקגעהן פון הייל.

— לאָמיר בעסער ארויסגעהן.

— ניטאָ וואָס צו איילען זיך — זאָגט יאָהאַנעס, און ער איז בלאַס געוואָרען — דען פריהער פאַר נאַכט וועט ער ניט קומען. האַלבע נאַכט.

וויקטאָריע בערוהיגט זיך און וויל זיך וויעדער זעצען אויף איהר טהראָן. יאָהאַנעס'ן איז אָבער שווער בייצוקומען דעם שרעק, וואָס ער

אליין האָט אַרויסגערופען, ער הויבט אָן צו פיהלען אַ געפאַהר אין הייל, און ער זאָגט:

— אויב דו ווילסט ניט אַנדערש, ווי אַרויסגעהן, האָב איך דרויסען אַ שטיין מיט דיין נאָמען. כ'קען איהם דיר ווייזען.

זיי קריכען אַרויס פון'ם הייל און געפינען אַ שטיין. וויקטאָריע איז שטאָלץ און גליקליך דערמיט. יאָהאַנעס איז גערוהרט, ער איז גרייט צו וויינען און זאָגט:

— דערזעהענדיג דעם שטיין, דאַרפסטו זיך ווען ניט איז אָן מיר דערמאָנען, ווען איך וועל דאָ ניט זיין. אַ טראַכט טהאָן וועגען מיר, ווי אַ פריינד.

— אודאי — ענטפערט וויקטאָריע — דו וועסט דאָך קומען צוריק?

— אָ, איין גאָט ווייס, ניין, כ'וועל ניט צוריקקומען.

זיי זיינען געגאַנגען אַהיים. יאָהאַנעס איז גרייט געווען צו וויינען.

— נו, זיי געזונד — האָט געזאָגט וויקטאָריע.

— ניין, כ'קען געהן מיט דיר נאָך אַ ביסעל.

וואָס זי איילט זיך אַזוי אונ'רחמנות'דיג צו זעגענען זיך מיט איהם, טהוט איהם זעהר וועה און דערוועקט צאָרן אין זיין פערוואונדעט הארץ. ער בלייבט פלוצלינג שטעהן און זאָגט צו איהר מיט אַ קענטיגען כעס:

— איין זאַך וועל איך דיר זאָגען, וויקטאָריע, וועסט ניט געפינען קיינעם, וואָס זאָל זיין אַזוי גוט צו דיר, ווי איך. נאָר דאָס וויל איך דיר זאָגען.

— יאָ, אָטטאָ איז אָבער אויך גוט — ענטפערט זי.

— גוט, נעהם איהם דיר.

זיי געהען שווייגענדיג עטליכע טריט.

— מיר וועט זיין זעהר גוט. האָב ניט קיין מורא. ווייסט נאָך ניט, ס'אַרא לוין איך וועל בעקומען.

— ניין. וואָס פאַר אַ לוין וועסטו בעקומען?

— אַ האַלבע קעניגרייך, ערשטענס.

— אודאי, דו וועסט קריגען!

— דערנאָך קריעג איך אַ פרינצעסין.

וויקטאָריע בלייבט שטעהן.

— אָבער דאָס איז ניט אמת!

— יא, אַזוי האָט ער געזאָגט.

שטילשווייגען. וויקטאָריע רעדט פאר זיך.

— איז ווי זעהט זי אויס?

— אָ, אודאי, זי איז שעהנער פון אַלע מענשען אויף דער וועלט. דאָס ווייסען מיר פאָראויס.

וויקטאָריע האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— הייסט עס, דו ווילסט די פּרינצעסין.

— יא — ענטפערט ער — אַזוי ועט טאַקע זיין. — נאָר ווייל וויקטאָריע איז ווירקליך אויפגערעגט, לעגט ער צו: — אָבער ס'קען זיך נאָך מאַכען, כ'זאָל אַמאָל צוריקקומען. כ'זאָל ארוים אויף דער ערד.

— יא, נעהם איהר אָבער ניט מיט זיך — בעט זי. — צו וואָס זאָלסטו איהר נעהמען?

— ניין, כ'קען אַליין אויך צוריקקומען.

— זאָגסט מיר צו?

— נו, יא, כ'קען צוזאָגען. איבריגענס, זיי ניט אונרוהיג! מיר איז דאָס שווער פאַרצושטעלען זיך, דו זאָלסט זיין וועגען דעם אונרוהיג.

— דארפסט ניט אזוי רעדען, הערסט! — ענטפערט וויקטאָריע.

— כ'בין זיכער, אז זי וועט דיך ניט ליעב האָבען אַזוי ווי איך.

א וואַרעמע פרייד ציטערט אויף אין זיין יונג האַרץ. ביי די ווערטער איהרע איז ער גרייט געווען איינזינקען אין דר'ערד פון גליק און בושה. ער האָט ניט געוואַגט צו קוקען אויף איהר, ער האָט געקוקט אָן א זייט. אָט האָט ער אויפגעהויבען א צווייג פון דער ערד, האָט אָנגעהויבען רייסען די קאָרע און געקלאַפּט זיך איבער'ן האַנד. צום סוף האָט ער אָנגעהויבען צו פייפען פון צוטומלונג.

— נו, איך דאַרף שוין אַהיים געהן — זאָגט ער.

— יא, זיי געזונד — ענטפערט זי און שטרעקט צו איהם אויס די האַנד.

.2

דעם מילנער'ס זוהן איז אוועקגעפאָהרען. לאַנג איז ער ניט געווען. ער איז געגאַנגען אין שולע, דאָרט האָט ער א סך געלערנט, איז געוואָרען א גרויסער און א שטאַרקער, און אויף דער אויבערשטער ליפּ ביי איהם האָט זיך בעוויזען א פוך. צום שטאָדט איז געווען אַזוי ווייט, דער וועג אַהין

און צוריק האָט געקאָסט אזוי טייער, דער שפּאָרזאַמער מילנער האָט גע־האַלטען דעם יונגעל אין שטאָדט א סך ווינטערס און זומערס. ער האָט זיך די גאַנצע צייט געלערנט.

איצט אָבער איז ער געוואָרען א דערוואַקסענער, ער איז געווען אכטצעהן, צוואַנציג יאָהר אַלט.

אין עפּעס אַ אָווענד פריהלינג־צייט איז ער אַראָב פון דאַמפּפער. איבער'ן שלאָס האָט געפלאַטערט א פאָהן לכבוד דעם זוהן, וואָס איז גע־קומען אויף וואַקאַציע מיט'ן זעלבען דאַמפּפער; מען האָט געשיקט נאָך איהם א קאָטש צום ברעג. יאָהאַנעס האָט זיך פערנייגט פאַר'ן שלאָס־אייר־גענטהיימער, זיין פרוי און וויקטאָריע'ן. ס'אָרא גרויסע און הויכע וויק־טאָריע איז געוואָרען! זי האָט ניט געענטפערט אויף זיין בעגריסונג. ער האָט נאָך א מאָל אראָבגענומען זיין הוט און געהערט, ווי זי האָט גע־פרעגט איהר ברודער:

— דיטלעף, ווער בעגריסט עס אונז?

דער ברודער האָט געענטפערט:

— דאָס איז יאָהאַנעס, יאָהאַנעס מעללער.

זי האָט ווידער אויף איהם א בליק געוואָרפען; נאָר איצט האָט ער זיך שוין געשעהמט צו פערנייגען זיך עטליכע מאָל. און די קאָטש האָט זיך גערירט.

יאָהאַנעס האָט זיך געלאָזט אהיים.

ניין, גאָט מיינער, ווי קאָמיש און קליין איז געווען דאָס שטיבעל! ער האָט ניט געקענט אריין אין טיהר, ניט איינגעבויגענערהייט. די על־טערן האָבען פאַר איהם צוגעגרייט כבוד. ער איז געוואָרען טיעף גע־ריהרט, אַליץ איז געווען אזוי ריהרענד און ליעב, טאַטע־מאַמע האָבען איהם בעגעגענט, אזעלכע גרויע און גוטע, איינער נאָכ'ן אַנדערען האָבען זיי איהם אויסגעשטרעקט די הענד און געוואונשען איהם גליק.

נאָך דעם זעלבען אָווענד איז ער געגאַנגען, ארומגעבלאַנקעט זיך און האָט בעקוקט אַלצדינג, איז געווען ביי'ן מיהל, אין דער שטיין־האַ־קעריי, האָט בעזוכט דעם אָרט, וואו מען כאַפּט פיש, אומעטיג האָט ער זיך צוגעהערט צום זינגען פון די בעקאַנטע פויגעל, וואָס האָבען שוין אויסגעפלאָכטען זייערע נעסטען אויף די בוימער, און איז געלאָפען א קוק טהאָן אויף דעם אונגעהויער־גרויסען מוראַשניק אין וואַלד. ניט גע־ווען מעהר קיין מוראַשקעס, דער מוראַשניק איז אויסגעשטאָרבען,

ער האָט זיך אָנגעהויבען צו גראָבען אין איהם; דאָרט איז מעהר ניט געווען קיין צייכען פון לעבען. אומבלאַנקענדיג זיך, האָט ער אָבער בעמערקט, אז דעם שלאָס־אייגענטהימער'ס וואלד איז שטארק אויסגע־האקט.

— דו דערקענסט דאָ אַלצדינג? — האָט געפרעגט שפּאַסענדיג דער פּאָטער — האָסט געזעהן דיינע אַלטע שטאַארען?

— ניט אַלץ דערקען איך. דער וואלד איז אויסגעהאַקט.

— דאָס איז דעם שלאָס־אייגענטהימער'ס וואלד — האָט געענט־פערט הער פּאָטער — מיר ווען צעהלען ניט די בוימער פון וואלד. יע־דער דאַרף האָבען געלד, און דער שלאָס־אייגענטהימער דאַרף אַ סך געלד.

טעג זיינען געקומען און פערגאַנגען, שטילע, ליעבע טעג, וואונדער־באַרע שעה'ן אין איינזאַמקייט, מיט ריהרענדע עראינערונגען פון דער קינדהייט, אַ שטימע, וואָס רופט צוריק צו ערד און הימעל, צו לופט און בערג.

ער איז געגאַנגען אויפ'ן וועג צום שלאָס. אין דער פריה האָט איהם אַ ביס געטהאָן אַ קאַמאַר, און זיין אויבערשטע ליפּ איז געשוואָלען געוואָרען; ווען ער זאָל עמיצען בעגעגנען, בעגריסט ער איהם און געהט גלייך אַוועק. קיינעם האָט ער ניט בעגעגנט. אין סאַד פון'ם שלאָס האָט ער דערזעהן אַ דאַמע; צוקומענדיג נעהנטער, האָט ער זיך נידריג פערנייגט, און איז אַוועק ווייטער. דאָס איז געווען די ווירטהין פון'ם שלאָס. ער האָט נאָך אַלץ געפיהלט אַ הארץ־קלאַפּען, ווי אין די אַמאָליגע טעג, ווען ער פלעגט פערבייגעהן דעם שלאָס. די אכטונג צום גרויסען הויז, צו די פיעל פענסטער, צו דער שטרענגער, שלאַנקער פיגור פון'ם שלאָס'ס אייגענטהימער, איז נאָך אַלץ געווען איינגעוואָרצעלט אין זיין בלוט.

ער האָט זיך געלאָזט אויפ'ן וועג צום ברעג.

און דאָרט האָט ער פלוצלינג בעגעגנט דיטלעף'ן און וויקטאָריע'ן. יאָהאַנעס איז געווען אונאַנגענעהם אויפגערעגט; זיי קענען נאָך מיי־נען, אז ער געהט זיי נאָך. אויסער דעם איז ביי איהם אַ געשוואָלענע ליפּ. ער האָט געשטעלט פּאַמעלעכערע טריט, קווענקלענדיג זיך, צו זאָל ער געהן ווייטער. ער איז געגאַנגען. ער האָט זיי פון דער ווייטענס נאָך בעגריסט, און פערבייגעהענדיג האָט ער געהאַלטען דעם הוט אין האַנד.

ביידע האָבען איהם שוויינענדיג געענטפערט אויף דער בעגריסונג און פאַמעלעך פערבייגעגאַנגען. וויקטאָריע האָט איהם געקוקט גלייך אין פּנים; איהר געזיכט האָט זיך אַ ביסעל געביטען.

יאָהאַנעס איז ווייטער געגאַנגען צום ברעג; ער איז געוואָרען אונרוהיג, זיינע טריט נערוועז. ניין, נו, טאַקע, ס'אַרא גרויסע וויקטאָריע איז געוואָרען, גאָר אַ גרויסע, שעהנער, ווי ווען ניט איז. איהרע ברעמען זענען זיך כמעט צונויפגעגאַנגען איבער'ן נאָז, זיי זענען געווען ווי צוויי דינע סאַמעטענע פאַסעקלעך. די אויגען זענען געוואָרען טונקעלער, זעהר טונקעל בלוי.

צוריקגעהענדיג אַהיים, האָט ער זיך געלאָזט אויף'ן שטעג, וואָס האָט געפיהרט דורכ'ן וואַלד, ווייט פון'ם שלאָס־גאָרטען. קיינער דאַרף ניט רעדען, אַז ער לויפט נאָך די קינהער פון'ם שלאָס־אייגענטהימער. ער איז אַרויס אויף אַ בערגעל, געפונען אַ שטיין און געזעצט זיך. די פויגלעך זענען זיך פערגאַנגען אין אַ ווילדען און לייהענשאַפטליכען זינגען, זיי האָבען געמאַניעט, געזוכט איינער דעם אַנדערן, געפלויגען מיט צווייגלעך אין'ם שנאָבעל. אַ שאַרפער ריח פון ערד, פון בלעטער, וואָס גרינען, און ביימער, וואָס פוילען, האָט אָנגעפילט די לופט.

גראָד איז ער געגאַנגען אויף וויקטאָריע'ס שטעג, און זי איז איהם אַנקעגען געקומען פון דער אַנדערער זייט.

אַן אָהנמעכטיגער פערדראָס איז איהם בעפאַלען, ס'האָט זיך איהם געוואָלט זיין ווייט, ווייט; פערשטעהט זיך, איצט דאַרף זי שוין טראַכטען, אַז ער איז איהר נאָכגעגאַנגען. זאָל ער איהר ווידער בעגריסען? אפשר וואָלט ער געדאַרפט קוקען אין אַנ'אַנדער זייט? דערצו נאָך דער בים פון דעם קאַמאַר.

ווען זי איז אָבער צוגעקומען גאָר נאָהענט, איז ער אויפגעשטאַנען און אַראָבגענומען דעם הוט. זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און אַ שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ.

— גוט אָוונד. כ'ווינש אייך גליק צו אייער אַהיימקומען — האָט זי געזאָגט.

ס'האָט זיך געדוכט, אַז איהרע ליפּען טהוען ווידער אַ לייכטען ציטער; באַלד איז זי אָבער געקומען צו זיך.

ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַ ביסעל מאָדנע; נאָר כ'האָב ניט געוואוסט, אַז דו ביזט דאָ.

— ניין, איהר האָט עס ניט געוואוסט — האָט זי געענטפערט. דאָס איז מיין פאַנטאַזיע, מיר איז איינגעפאַלען אַ קוק צו טהאָן אהער.

אי! ער האָט געזאָגט דו.

— לאַנג וועט איהר זיין אין דער היים? — האָט זי געפרעגט.

— די גאַנצע צייט פון דער וואַקאַציע.

שווער איז איהם געווען צו ענטפערען איהר, פּלוצלונג איז זי איהם אזוי פרעמד געוואָרען. פאַר וואָס האָט זי דאַמאָלסט מיט איהם גע־רעדט?

— דיטלעף זאָגט, אַז איהר זענט אַזאַ פעהיגער, יאָהאַנעס. איהר האָט אזוי גוט אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען. ער זאָגט נאָך, אַז איהר שרייבט ליעדער; אמת?

האָט ער קורץ געענטפערט און זיך אָבגעקעהרט:

— יא, אודאי. אַלע טהוען עס.

איצט וועט זי באַלד אַוועקגעהן, ווייל מעהר האָט זי גאָרניט גע־זאָגט.

— אַן אונהערטע זאַך, היינט האָט מיך אַ קאַמאַר אַ ביס גע־טהאָן — האָט ער געזאָגט און האָט אָנגעוויזען אויף זיין מויל. — רע־ריבער זעה איך אזוי אויס.

— הייסט עס, איהר זענט צו לאַנג געווען אין שטאָדט, אונזערע קאַמארען דערקענען אייך מעהר ניט.

איהר איז אַלץ איינס געווען, צי האָט איהם אַ קאַמאַר צוביסען, צי ניט. יאָ, זי איז געשטאַנען און געדרעהט אויפ'ן אַקסעל דעם רויטען שירם מיט'ן גאָלד־געפּאַסטען הענטעל, און קיין אַנדער זאַך האָט איהר ניט געאַרט. און ער האָט דאָך געטראָגען די גנעדיגע פריילען אויפ'ן האַנד ניט איין מאָל.

— איך דערקען אויך ניט אונזערע קאַמארען — האָט ער געענט־פערט; — פריהער זענען זיי מיר פריינד געווען.

נאָר זי האָט ניט פערשטאַנען זיינע פיעל־בעדייטענדע ווערטער, זי האָט ניט געענטפערט. און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך דערקען דאָ גאָרניט. אפילו דעם וואַלד האָט מען אויס־געהאַקט.

א לייכטער ציטער איז דורכגעלאָפען איהר פּנים.

— אודאי, דאָ קענט איהר ניט שרייבען קיין ליעדער — האָט זי געזאָגט — נו, טאקע, ווען אייך זאָל זיך פערוועלען פּלוצלינג מיר אָנ־שרייבען ליעדער. נור וואָס רעד איך? איהר זעהט דאָך אליין, ווי ווענינ איך פערשטעה אין דעם.

אָן אויפגערעגטער האָט ער שווייגענדיג געקוקט אויף דער ערד. זי האָט פריינדליך געשפּאסט פון איהם, גערעדט הויכע ווערטער און געווארט וואָס ס'ארא איינדרוק זיי וועלען מאכען. ענטשולדיגט, ער האָט ניט נאָר געשריבען די גאנצע צייט, ער האָט זיך געלערענט, און מעהר פון אלעמען...

— גוט, מיר וועלען זיך נאָך זעהן. דערוויילי — זייט געזונד.

ער האָט אראָבגענומען דעם הוט און איז אוועק, גארניט ענט־פערענדיג.

זי וואָלט בעדארפט וויסען, אז נאָר פאר איהר און ניט פאר קיינעם האָט ער געשריבען זיינע ליעדער. אלע, אפילו דאָס ליעד צו דער נאכט און צום וואסער־גייסט. נאָר זי וועט זיך עס קיינמאָל ניט דער־וויסען.

זונטאג איז געקומען דיטלעף און האָט איהם געוואָלט מיטנעהמען אויף'ן אינזעל. כ'וועל ווידער מוזען רודערן, האָט ער א טראכט גע־טהאָן. ער איז געגאנגען מיט איהם. ביי'ם ברעג האָבען זיך יום־טוב'דיג אומגעדרעהט עפּעס מענשען, אלץ איז געווען אזוי שטיל, און ווארעם האָט געשיינט די זון אויף די הימלען. פּלוצלינג האָבען זיך פון דערווייטענס דערהערט קלאנגען, זיי האָבען זיך געטראָגען פון ים, פון יענער זייט אינזלען; אויסדרעהענדיג זיך אין א האלבער ראָד, איז צום ברעג צוגעפאָהרען א פּאָסט־דאמפּפער מיט מוזיק.

יאָהאנעס האָט אָבגעבונדען דאָס שיפעל און האָט זיך געזעצט ביי דעם רודער. ער איז געווען אין א וואונדערליך־קאפּריזנער און פריידיג־אויפגערעגטער שטימונג, דער ליכטיגער טאָג און די מוזיק פון שיף האָבען פאר זיינע אויגען אויסגעוועבט א שלייער פון בלומען און גאָלדענע זאנגען.

פאר וואָס זעצט זיך ניט דיטלעף? ער איז געשטאנען אויף'ן ברעג, אנגעקוקט די מענשען און די שיף, גלייך ער וואָלט זיך שוין ערגעץ ניט געקליבען. יאָהאנעס האָט געטראכט: כ'וועל ניט זיצען

מעהר ביי דעם רודער, כ'וועל צופאָהרען צום ברעג. ער האָט אָנגע־הויבען אויסצודרעהען דאָס שיפעל.

פלוצלינג האָט עפּעס ווייסעס העל א שימער געטהאָן פאר זיינע אויגען, און ער האָט דערהערט א פּליעסק אין וואסער. א געשריי פון פיעל קולות, פול יאוש, האָט זיך אויפגעהויבען אויף'ן שיף און צוויי־שען די, וואָס זענען געשטאַנען אויף'ן ברעג, און צעהנדליגער הענד און אויגען האָבען אָנגעוויזען אויף'ן אָרט, וואו ס'איז פערשוואונדען דאָס ווייסע. די מוזיק האָט אויך אויפגעהערט און אין איין רגע איז יאָהאַנעס געווען אויף'ן אָרט. אַלץ האָט ער געטהאָן אין גאַנצען אינסטינקטיוו, ניט איבערטראַכטענדיג, אָהן איבערלייגונג. ער האָט ניט געהערט, ווי די מוטער האָט געשריען אויף'ן שיף: — מיין מיי־דעלע, מיין מיידעלע! — און ער האָט ניט געזעהן קיינעם. גלייך איז ער אראָבגעשפּרונגען פון שיפעל און אונטערגעטוקט זיך.

איין רגע, איין מינוט איז ער ניט געווען; מ'האָט געזעהן, ווי ס'קאָכט דער ים אויף דעם אָרט, וואו ער האָט זיך אונטערגעטוקט, און עס איז קלאָר געווען, אז ער ארבייט. אויף'ן שיף האָבען זיך אַלץ געהערט יאָמערענדע געשרייען.

אָט איז ער ווידער ארויפגעשוואומען, א ביסעל ווייטער, א פּאָר אייל פון'ם אָרט, וואו ס'איז געשעהן דער אונגליק. מ'האָט צו איהם געשריען און וואהנזיניג אָנגעוויזען: — ניין, אַ־אָט, אַ־דאָ!

און ער האָט זיך נאָכאַמאָל אונטערגעטוקט.

א נייע פּיינליכע רגע, אַן אונאויפהערליכער יאָמערן פון דער פרוי און דעם מאַן, וואָס ברעכט די הענד, אויף'ן דעק. נאָך א מענש איז אראָבגעשפּרונגען פון שיף, דער שטורמאַן, אראָבגעוואָרפען פון זיך דעם רעקעל און די שיך. ער האָט גוט אויסגעפּאַרשט דעם אָרט, וואו די מיידעל איז אראָב צום גרונד, און אַלע האָבען געהאָפט אויף איהם.

דאַמאָלסט האָט זיך אויף'ן וואסער ווידער בעוויזען יאָ־האַנעס'ס קאָפּ, נאָך ווייטער ווי פריהער, אויף א סך איילען. ער האָט פערלוירען דעם הוט, זיין קאָפּ האָט געגלאַנצט, ווי דער קאָפּ פון א ים־הונט אויף דער זון. מ'האָט געזעהן, אז ער ראַנגעלט זיך מיט עפּעס, ער איז קוים געשוואומען, איין האנד איז ביי איהם געווען ניט פריי. אין א רגע ארום האָט ער עפּעס אָנגעכאַפּט מיט'ן מויל, מיט די

צייהן, א גרויסען פעקעל; דאס איז געווען די אונגליקליכע. געשרייען פון פערוואונדערונג האבען זיך געטראגען צו איהם פון שיף און פון ברעג. דער שטורמאן אפילו האט, קענטיג, דערהערט דעם געשריי, ער האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ און זיך אומגעקוקט.

צום סוף איז יאהאנעס צוגעקומען צום שיפעל, וואס דער שטראם האט איהם א ביסעל אבגעטראגען אן א זייט; ער האט אריינגעזעצט די מיידעלע, דערנאך האט ער אליין אריינגעקלעטערט; אלץ איז געשעהן אהן א בערעכענטען פלאן. דער עולם האט געזעהן, ווי ער האט זיך איינגעבויגען איבער דער מיידעלע און האט בוכשטעבליך ארא־בגעריסען ביי איהר דאס קליידעל אויף'ן רוקען, דערנאך האט ער זיך געכאפט פאר די רודערען און האט זיך געלאזט שנעל צום שיף. ווען מען האט די מיידעלע ארויפגעטראגען אויף'ן דעק, האט דער עולם פיעל מאל אויסגעשריען אין ענטציקונג: הורא! לכבוד דעם רעטער.

— ווי איז אייך איינגעפאלען צו זוכען אזוי וויט אן א זייט?

— האט מען איהם געפרעגט.

ער האט געענטפערט:

— איך וויים דעם גרונד. אויסער דעם, איז דא פארהאן א שטראם. איך האב עס געוואוסט.

צום ראנד פון דעק שטופט זיך דורך א הערר, ער איז בלייך, ווי דער טויט, שמייכעלט קאנוואולסיוו, און אויף זיינע ברעמען הענגען טרערען.

— קומט ארויף אויף'ן שיף אויף א רגע! — שרייט ער אראב.

— איך וויל אייך דאנקען. מיר זענען צו אייך אזוי פיעל פערפליכטעט. אויף א רגע נאר.

און דער מענש געהט אב פון ראנד, א בלייכער, אין טרערען און לאכענדיג.

מ'לאזט אראב א טראפ; יאהאנעס קלעטערט ארויף אויף'ן דעק.

ער איז דארט ניט לאנג געבליבען; ער האט נאר געלאזען זיין נאמען און אדרעס, די פרוי האט ארומגענומען דעם דורכגענעצטען מענשען; דער בלייכער, צוטומעלטער הערר האט איהם אריינגערוקט אין האנד זיין זייגער. יאהאנעס איז אריין אין קאיוטע, צוויי מענשען האבען געפרובט אויפמונטערן די מיידעלע; זיי האבען געזאגט: איצט קומט זי צו זיך, דער פולס שלאגט! יאהאנעס האט געקוקט

אויף דער קראַנקער, יונגער בלאָנדער מיידעלע אין קורצען קליידעל; דאָס קליידעל איז געווען אין גאַנצען צוריסען. דאַמאָלסט האָט איהם עמיץ אָנגעטהאָן א הוט אויף'ן קאָפּ, און מ'האָט איהם אוועקגעפיהרט.

אונקלאָהר האָט ער געפיהלט, ווי ער איז צוגעפאָהרען צום ברעג און ארויסגעשלעפּט דאָס שיפעל. ער האָט געהערט, ווי מ'האָט נאָכאמאָל אויסגעשריען: הורא, און ווי ס'האָט געקנאַקט די יום־טוב־מוזיק ביי'ן אָבגעהן פון דאַמפּפער. קיהל און זיס האָט א בוואַליע פון פרייד דורכגעשוועבט איבער איהם; ער האָט געשמייכעלט, גע־ריהרט מיט די ליפּען, נאָר ניט גערעדט.

— הייסט עס, פון'ם שיפען זיך וועט היינט גאָרניט ארויסקומען — האָט געזאָגט דיטלעף. ער האָט אויסגעזעהן אונצופריעדען.

ס'איז צוגעקומען וויקטאָריע, זי איז צוגעגאַנגען און גיך גע־זאָגט:

— ניין, דו ביזט פון זינען אראָב! ער דאַרף געהן איבערבייטען די קליידער.

יאָהאַנעס האָט זיך געאיילט אהיים. אין די אויערען האָט איהם נאָך אַלץ געקלונגען די מוזיק און די הויכע הורא־געשרייען, פון פרייד און אויפרעגונג איז ער געגאַנגען אַלץ ווייטער. ער איז פערביי־געגאַנגען דעם הויז און האָט זיך געלאָזט אויף'ן וועג, דורכ'ן וואַלד, אין דער הויך צו דער שטיינהאַקעריי. דאָ האָט ער אויסגעזוכט א גוטען אָרט, וואו ס'איז געווען זוניג. פון זיינע קליידער איז געגאַנגען א פּאַרע. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט. ער איז געווען אזוי משוגע־אויפגע־רעגט און פול פרייד, אז ער איז ווידער אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען ארומצובלאַנקען זיך. ווי גליקליך איז ער געווען! ער איז געפאַלען אויף די קניה און מיט הייסע טרערען געדאַנקט גאָט פאַר דעם טאָג. זי איז דאָרט געשטאַנען, זי האָט געהערט די הורא־געשרייען: „געה אהיים און טהו אָן טרוקענע קליידער" האָט זי גע־זאָגט.

ער האָט אַנידערגעזעצט זיך און אָהן אויפהער געשמייכעלט, אַן ענטציקטער. יא, זי האָט געזעהן, ווי ער האָט עס געטהאָן, מיט שטאָלץ האָט איהר אויג איהם נאָכגעפאָלגט, ווען ער איז ארויפגע־שוואומען, האַלטענדיג די דערטרונקענע אין די צייהן. וויקטאָריע! וויקטאָריע! ווייס זי דען, ווי שטאַרק, ניט אויסצודריקען, עס געהערט

איהר יעדע רגע פון זיין לעבען! ער האָט געוואָלט ווערען איהר דינ־נער און שקלאַף און מיט אייגענע הענד אויסקעהרען פאַר איהר דעם וועג. ער האָט געוואָלט אַ קוש טהאָן איהרע צוויי קליינע שיכלעך און שלעפּען איהר בריטשקע און לייגען האָלץ אין איהר אויווען אין קאַלטע טעג. גאָלדיג האָלץ וואָלט ער אין אויווען געלייגט, וויקטאָריע.

ער האָט זיך אומגעקוקט. קיינער האָט איהם ניט געהערט. ער איז געווען אַליין, איינער אַליין מיט זיך. דעם טייערען זייגער האָט ער נאָך געהאַלטען אין די הענד, ער האָט געקלאַפּט טיק־טיק, ער איז געגאַנגען.

אַ דאַנק, אַ דאַנק פאַר דעם ליעבען טאָג! ער האָט געגלעט דעם מאָך אויף די שטיינער און די אָראָבגעפאַלענע צווייגען. וויקטאָריע האָט ניט אַ שמייכעל געטהאָן צו איהם; נו, אודאי, דאָס איז ניט איהר טבע. זי איז בלויז געשטאַנען ביי'ן ברעג, אַ לייכטע רויטקייט האָט געפלאַמט אויף איהרע באַקען. ס'קען זיין, זי וואָלט גענומען זיין זייגער, ווען ער זאָל איהר איהם געבען.

די זון האָט געהאַלטען ביי'ם פערגעהן. ס'איז געוואָרען קיה־לער. ער האָט דערפיהלט, אז ער איז גאָר אַ נאַסער. און אָט האָט ער געלאָזט זיך לויפען אהיים לייכט ווי אַ פעדער.

אין שלאָס זענען געווען זומער־געסט, אַנגעפאָהרענע פון שטאָדט, טענץ און מוזיק. און אַ פאָהן האָט געפלאַטערט אויף'ן רונדען טהורם טאָג און נאַכט, אַ גאַנצע וואָך.

און מ'האָט געדאַרפט אָבפיהרען די היי אהיים; נאָר די פרעה־ליכע געסט האָבען פערנומען די פערד, און די היי איז געשטאַנען. ס'זענען געבליבען גרויסע פאַסען פון אַ ניט־געקאָסעטער לאָנקע; נאָר די ארבייטער זענען געווען פערנומען, ווער—אַ קוטשער, ווער—אַ שי־פער, און מען האָט אָבגעלייגט דאָס קאָסען.

און די מוזיק האָט אַלץ געהאַלטען אין איין שפּיעלען אין געלען זאַל....

דער אַלטער מילנער האָט אָבגעשטעלט די מיהל און האָט זי פער־שלאָסען אויף די טעג. ער איז געוואָרען קליגער; פריהער פלעגען די פרעהליכע שטאָדט־לייט, וואָס זענען געקומען גאַנצע מחנות, אָפּט צושלעפּען אין אַ שפּאַס גאַנצע זעק תבואה. ווארום די נעבכ זענען געווען אזעלכע ווארימע און ליכטיגע, און אזוי פיעל איינפאַלען האָבען

די מענשען געהאַט. אַמאָל, יונגערהייד, האָט דער רייכער קאַמער־הער אַליין, מיט זיינע אייגענע הענד, געבראַכט אויף׳ן מיהל אַ מור־ראשניק אין אַ קאַריטע און האָט אויסגעשאָטען. איצט איז שוין דער קאַמערהער געווען אַ בעיאָהרנטער מענש; נאָר זיין זוהן אָטטאָ פלעגט נאָך אַלץ קומען אין שלאָס אריין און שפּיעלען זיך מיט וואונדערבאַרע זאַכען. וואָס האָט מען ניט דערצעהלט פון איהם....

אין וואַלד האָט זיך דערהערט אַ טופּעריי און געשרייען. די יונגוואַרג איז געפאָהרען רייטענדיג. און די פערד זיינען געשפּרונגען משוגע׳נערהייט. די רייטער זענען צוגעפאָהרען צום מילנער׳ס הויז, האָבען געקלאַפּט מיט זייערע בייטשען און געוואָלט אריינפאָהרען אינווענייג. די טהיר איז געווען אַזאַ נידריגע, און דאָך האָט זיך זיי געוואָלט אריינפאָהרען אין הויז.

— גוט אָווענד, גוט אָווענד — האָבען זיי געשריען — מיר האָבען אייך געוואָלט אַ וויזיט מאַכען.

דער מילנער האָט הכנעה׳דיג געשמייכעלט אויף אַזאַ איינפאַל.

און אַט זענען זיי אַראָב פון די פערד, צוגעבונדען זיי און געלאָזט געהן די מיהל.

— די מיהלשטיינער זענען לעדיג! — האָט אַ געשריי געטהאָן דער מילנער — איהר וועט קאַליע מאַכען די מיהל.

נאָר צוליעב דעם הילכיגען גערויש האָט קיינער גאָרנישט גע־הערט.

— יאָהאַנעס! — האָט דער מילנער אויסגעשריען מיט אַלע כחות צו דער שטיינהאַקעריי צו.

יאָהאַנעס איז אָנגעקומען.

— זיי וועלען מיר מאַכען אַ תל פון דער מיהל! — האָט אויסגע־שריען דער פאָטער און אָנגעוויזען.

יאָהאַנעס האָט זיך שטיל געלאָזט געהן צו די געסט. ער איז געווען זעהר בלאַס, און אויף די שלייפען זענען איהם די אָדערן אָנגע־שוואָלען. ער האָט דערקענט אָטטאָ׳ן, דעם קאַמערהער׳ס זוהן, וואָס האָט געטראָגען אַ מונדיר פון אַ קאַדעט. אויסער איהם זיינען געווען נאָך צוויי. איינער פון זיי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און בעגריסט איהם, צו פערגלעטען דעם שפּאַס.

יאָהאַנעס האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, אפילו מיט׳ן קאָפּ

קיין שאָקעל ניט געטהאָן, איז זיך געגאַנגען זיין וועג. ער געהט גלייך צו אָטטאָ'ן. אין דער צייט בעמערקט ער צוויי רייטערינס, וואָס פאָהרען ארויס פון וואלד; איינע איז וויקטאָריא. זי איז געווען אָנ־געטהאָן אין גרינעם, און איז געריטען אויף א ווייסער קליאטשע פון שלאָס. זי געהט ניט אראָב, בלייבט אויף'ן זאָטעל און קוקט אלעמען אָן מיט א פרעגענדיגען בליק.

יאָהאַנעס דרעהט זיך אויס, געהט ארום און ארום, הויבט זיך אויף אויף דער גרעבליע און עפענט דעם שליוז, דער גערויש ווערט ביסלעכ־וויז קלענער, די מיהל בלייבט שטעהן.

אָטטאָ האָט א געשריי געטהאָן:

— ניין, זאָל זי ארבייטען. צו וואָס טהוסטו עס? זאָל די מיהל ארבייטען, זאָג איך.

— דאָס האָסטו געלאָזט די מיהל? — האָט געפרעגט וויקטאָריע.

— יא — האָט ער געענטפערט, שמייכלענדיג. — פארוואָס שטעהט זי? פאר וואָס זאָל זי ניט ארבייטען?

— ווייל זי איז לעדיג — האָט געענטפערט יאָהאַנעס, קוים כאַ־פענדיג דעם אָטהעם, און געקוקט איהם אין פנים. — איהר פער־שטעהט? די מיהל איז לעדיג.

— זי איז דאָך געווען לעדיג, הערסט — האָט געזאָגט וויקטאָריע.

—פון וואנען זאָל איך וויסען? — האָט געפרעגט אָטטאָ און זיך צולאכט. פאר וואָס איז זי געווען לעדיג, פרעג איך? ניט געווען קיין תבואה אין איהר?

— זעץ זיך! — האָט איבערגעריסען איינער פון זיינע חברים, כדי צו מאַכען א סוף.

זיי האָבען זיך געזעצט אויף די פערד. איינער פון זיי האָט זיך ענטשולדיגט פאר'ן אוועקפאָהרען.

וויקטאָריע איז געווען די לעצטע. אָבפאָהרענדיג עטליכע טריט, האָט זי אויסגעדרעהט דעם פערד און אומגעקעהרט זיך.

— זייט אזוי גוט און בעט ענטשולדיגונג ביי אייער פאָטער פאר אלעס, וואָס איז געשעהן — האָט זי געזאָגט.

— גלייכער וואָלט געווען, דער קאדעט אליין זאָל עס טהאָן — האָט געענטפערט יאָהאַנעס.

— יאָ. אודאי. ער האָט אזוי פיעל איינפּאַלען... כ'האָב אייך אזוי לאַנג שוין ניט געזעהן, יאָהאַנעס.

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען אויף איהר, איינהערענדיג זיך, צי האָט ער ריכטיג געהערט. זי האָט פערגעסען דעם לעצטען זונטאג, זיין גרויסען טאָג! ער האָט געענטפערט:

— זונטאג האָב איך אייך געזעהן ביי'ן ברעג:

— אָך, יאָ — האָט זי גלייך געזאָגט. — שטעלט זיך נאָר פאָר, ס'אַראַ גליק, וואָס איהר האָט געהאָלפען דעם שטורמאַן זוכען. איהר האָט געפונען די מיידעלע?

ער האָט געענטפערט קורץ און בעליידיגט:

— יאָ. מיר האָבען געפונען די מיידעלע.

— אָדער גאָר.... — האָט זי ווייטער גערעדט, ווי זי וואָלט זיך פּלוצלינג עפּעס דערמאָנט — אָדער איהר אליין... נו, אלץ איינס. גיט איבער א גרוס אייער פאָטער. א גוטע נאַכט.

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, שמייכלענדיג, אנגענומען דעם צוים און אָבגעפאָהרען.

ווען וויקטאָריע איז פערשוואונדען פון אויג, האָט ער זיך, א בע־טריבטער און אונרוהיגער, געלאָזט לויפען נאָך איהר אין וואלד. ער האָט געפונען וויקטאָריע'ן, שטעהענדיג ביי א בוים, איינע אליין. זי האָט זיך צוגעטוליעט צום בוים און געכליפּעט.

זי איז אראָבגעפאַלען פון פערד? א קלאַפּ געטהאָן זיך?

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און געפרעגט:

— מיט אייך איז עפּעס געשעהן, אן אונגליק?

זי איז איהם איין טריט אנקעגען געגאַנגען, אויסגעשפּרייט די אָרימס און, א שיינענדיגע, געקוקט אויף איהם. דערנאָך איז זי גע־בליבען שטעהן, אראָבגעלאָזט די הענד און געענטפערט:

— ניין, מיט מיר איז גאָרניט געשעהן; איך בין אליין אראָב פון פערד און געלאָזט איהם געהן פאָראויס... יאָהאַנעס, איהר דאַרפט ניט קוקען אזוי אויף מיר. איהר זענט געשטאַנען אויף'ן גרעבליע און גע־קוקט אויף מיר. וואָס ווילט איהר?

ער האָט געשטאַמעלט:

— וואָס וויל איך? כ'פערשטעה ניט...

— ס'אַראַ ברייטע האַנד איז ביי אייך — האָט זי געזאָגט, און

אונגעריכט האט זי ארויפגעלייגט איהר האנד אויף זיין האנד. — זי איז ביי איהך אזא ברייטע, ביי'ן געלענק. און שווארץ זענט איהר געוואָרען פון דער זון, ווי אַן איילבערטבוים....

ער האט זיך א ריהר געטהאן, געוואָלט איהר נעהמען פאר'ן האנד. האט זי אַנגענומען איהר קלייד און געזאָגט:

— ניין, מיט מיר איז גאָרניט געשעהן. ס'האט זיך מיר פשוט פערוואָלט אהיים געהן צופוס. א גוטע נאכט.

3.

יאָהאנעס איז ווידער געפאָהרען אין שטאָדט. און יאָהרען אין טעג זענען געגאנגען, א לאנגע אונרוהיגע צייט פון ארבייט און חלומות, לערנען זיך און ליעדער. איהם איז זעהר גוט געגאנגען, איהם האט זיך איינגעגעבען אַנצושרייבען א ליעד וועגען אסתר'ן, „דער יור דישער מיידעל, וואָס איז געוואָרען די קעניגין פון פרס" — א זאַך, וואָס איז געדרוקט געוואָרען און ער האט גענומען דערפאר האָנאָראר. אַן אנדער ליעד, „לאבירינט פון ליעבע", וואָס ער האט אריינגעלעגט אין די ליפען פון דעם מאָנאך ווענדט, האט געמאכט זיין נאָמען בער ריהמט.

יא, וואָס איז אזוינס געוועזען ליעבע? א ווינד, וואָס טהוט רוי־שען צווישען די רויזען. ניין, א געל בלאָנדזשענדיג פייערל אין'ם בלוט. ליעבע איז געווען א גיהנם־הייסע מוזיק, וואָס מאכט צו טאנ־צען אפילו די הערצער פון אַלטע. זי איז געווען ווי א מארגאריטקע, וואָס עפענט זיך ברייט פאנאנדער ביי'ן אָנקומען פון דער נאכט, און זי איז געווען ווי א ווינד־רויז, וואָס פערשליסט זיך פון'ם מינדסטען אָטהעם און שטארבט אָב פון א ריהר.

דאָס איז געוועזען די ליעבע. זי קען אומברענגען א מענשען, ווידער דערהויבען איהם און ווידער מאכען איהם צו שפּאָט און צו שאנד; זי האט געקענט ליעב האָבען היינט מיך, מאָרגען — דיך און מאָרגען ביי־דער־נאכט — איהם, אזוי איז זי אונבעשטענדיג, זי האט אָבער אויך געקענט זיין שטארק, ווי אַן אונצושטערבארער זיעגעל, ניט פערלעשען זיך און פלאקערען ביז דער שעה פון טויט, דען זי איז איי־ביג. וואָס־זשע איז געווען די ליעבע?

אָך, ליעבע איז א זומער־נאכט, מיט א הימעל א בעשטערענטען

און אַ שמעקענדער ערד. פאַר וואָס־זשע נויט זי דעם יונגלינג געהן אויף פערבאָרגענע שטעגען, און פאַרוואָס נויט זי דעם אַלטען צו שטעהן אויף די שפּיץ פינגער אין זיין איינזאַמען צימער? אַך, ליעבע מאַכט פון מענשען'ס האַרץ אַ פּרעכטיג־אונפערשעהמטען גאַרטען, וואו ס'וואַקסען געהיימניספולע און פרעכע שוואומען.

נויט זי דען ניט דעם מאָנאַך שטיל שלייכען זיך אין פערשלאָסענע גאַרטענס און אַריינבליקען ביי־דער־נאַכט אין פענסטער צו די שלאָפענדיגע? ווערט ניט פון איהר די מאָנאַשקע משוגע און די פּרינצעסין געהט אַראָב פון זינען? זי בויגט אַראָב די קאָפּ פון'ם קעניג ביז צו דער ערד, אזוי אַז זיינע האָר קעהרען אויס דעם שטויב פון'ם וועג, און ער שעפּטשעט דערביי פאַר זיך אַן אונפערשעהמטען וואָרט און לאַכט און שטעקט אַרויס דעם צונג.

דאָס איז געוועזען די ליעבע.

ניין, ניין, זי איז געווען גאָר אַן אַנדערע, און זי איז געווען ווי קיין זאַך ניט אויף דער וועלט. זי איז געקומען אויף דער ערד אין אַ פריהלינגס־נאַכט, ווען דער יונגעל האָט דערזעהן צוויי אויגען, צוויי אויגען. ער האָט געקוקט און געקוקט. ער האָט געקושט די ליפּען, און גלייך צוויי גרויסע ליכט האָבען זיך בעגעגענט אין זיין האַרצען, אַ זון, וואָס האָט אַנקעגען געבליצט, אַ שטערן. ער איז געפאַלען אין איהרע אַרימס, און פון דער רגע אַן האָט ער שוין מעהר קיין זאַך אויף דער וועלט ניט געהערט און ניט געזעהן.

ליעבע — איז דאָס ערשטע וואָרט פון'ם שעפּפער, דער ערשטער געדאַנק, וואָס האָט אויפגעטויכט אין זיין מח, ווען ער האָט געזאָגט: זאָל זיין ליכט! איז געוואָרען ליעבע. און אַלץ, וואָס ער האָט בעשאַפען, איז געווען זעהר גוט, און דאַריבער איז איהם ניט אַ שאָד געווען, וואָס ער האָט בעשאַפען. און ליעבע איז געוואָרען דער קוואַל פון דער וועלט און די קעניגין פון דער וועלט; נאָר אַלע וועגען איהרע זענען פול בלומען און בלוט, בלומען און בלוט.

אַ סעפּטעמבער־טאָג.

אַט די ווייט־פערוואָרפענע גאַס איז געווען זיין שפּאַציר־אָרט, ער האָט זיך אַרומגעבלאַנקעט אויף דער גאַס, ווי אין זיין צימער, ווייל ער פלעגט דאָ קיינמאָל קיינעם ניט בעגעגענען, און אין דער לענג פון

ביידע טראָטואַרען האָבען זיך געצויגען סערער, ס'זענען געשטאַנען בוימער מיט רויטע און געלע בלעטער.

ווי אזוי איז וויקטאָריע געקומען אַהער? וואָס האָט זי געטהאָן דאָ אויף דעם וועג? דאָס האָט זיך איהם ניט אויסגעדוכט, דאָס איז זי, און אפשר איז זי אויך דורכגעגאַנגען דאָ נעכטען ביי־נאַכט, ווען ער האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער.

דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרק קלאַפּען. ער האָט געוואוסט, אז וויקטאָריע איז אין שטאָדט, ער האָט דערפון געהערט; זי האָט זיך אָבער געדרעהט אין קרייזען, וואָס דעם מילנער'ס זוהן האָט צו זיי ניט געהאַט קיין צוטריט. מיט דיטלעף'ן האָט ער אויך קיין בעקאַנטשאַפט ניט געפיהרט.

ער האָט זיך געמאַכט האַרץ און איז דער דאַמע אַנקעגענגעגאַנגען. זי האָט איהם ניט דערקענט? ערנסט און פערטראַכט, איז זי געגאַנגען איהר וועג, האַלטענדיג שטאָלץ דעם קאָפּ אויף איהר לאַנגען האַלז.

ער האָט זיך פערנייגט.

— גוט אָוועגד — האָט זי געענטפערט גאָר שטיל. זי האָט ניט אַרויסגעוויזען דעם מינדסטען בעגעהר צו בלייבען. און ער איז שוויי־גענדיג פערביי־געגאַנגען. איבער די פיס איז איהם דורכגעלאָפען א שוידער. ער האָט זיך אויסגעדרעהט אין עק פון קליינעם געסעל, ווי זיין שטייגער איז געווען. איך וועל קוקען אויף'ן טראָטואַר און ניט א קוק טהאָן אין דער הויך, האָט ער געטראַכט. נאָר ווען ער האָט געמאַכט צעהן טריט, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען.

זי האָט זיך אָבגעשטעלט ערגעץ ביי א פענסטער.

אפשר בעהאַלטען זיך אין דער אַנדערער גאַס? צו וואָס שטעהט זי דאָרט? דאָס פענסטערל איז געווען אַן אָרימס, א קליינס, דאָרט זענען געלעגען עטליכע, ווי א צלם צונויפגעלעגטע, שטיקלעך רויטע זייף, גריץ אין א גלעזערנעם סלאָי און עטליכע אָבגעניצטע פּאָסט־מאַרקעס.

ער קען דאָך דורכגעהן נאָך צעהן טריט און דערנאָך אויסדרעהען זיך.

און אָט האָט זי א קוק געטהאָן אויף איהם, און פּלוצלינג איז זי איהם ווידער אַנקעגען געגאַנגען. זי איז געגאַנגען גיך, ווי זי וואָלט

זיך אָנגענומען מיט מוטה, און ווען זי האָט אָנגעהויבען רעדען, האָט זי קוים געכאַפּט דעם אָטהעם. זי האָט נערוועז געשמייכעלט.

— גוט אָווענד, מיך פרעהט אַזוי, וואָס כ'האָב אייך בעגעגענט.

גאָט, ווי פערציטערט איז געוואָרען זיין הארץ; ס'האָט ניט גע־שלאָגען, נאָר געציטערט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, — ניט גע־קענט, נאָר די ליפּען האָבען ביי איהם געציטערט. פון איהר קלייד האָט געשמעקט, פון איהר געלער קלייד, און אפשר, פון איהרע לי־פּען. אין דער רגע האָט ער ניט געהאַט קיין שום איינדרוק פון איהר פּנים. ער האָט אָבער דערקענט איהרע דינע אקסלען און געזעהען איהר לאַנגע דינע האַנד אויף'ן הענטעל פון שירם. דאָס איז געווען איהר רעכטע האַנד. אויף'ן האַנד איז געווען אַ רינג.

ער האָט הערפון ניט געטראַכט, און ניט געהאַט אין די ערשטע רגע'ס קיין געפיהל פון אומגליק. נאָר איהר האַנד איז אַזוי וואונ־דערבאַר־שעהן.

— כ'בין שוין אין שטאָדט אַ גאַנצע וואָך — האָט זי ווייטער גערעדט — און איך האָב אייך ניט געזעהן. אָך, יאָ, כ'האָב עפּעס יאָ געזעהן אייך אויף'ן גאַס; עמיץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זענט איהר. איהר זענט געוואָרען אַזאַ גרויסער.

ער האָט געמורמעלט:

— כ'האָב געוואוסט, אַז איהר זענט אין שטאָדט. איהר וועט דאָ לאַנג זיין?

— עטליכע טעג. ניין, ניט לאַנג. כ'וועל ווידער אַהיים פאָהרען.

— אַ דאַנק אייך פאַר דער מעגליכקייט אייך צו בעגריסען — האָט ער געזאָגט.

שטילשווייגען.

— יאָ, דערצו נאָך, האָב איך פערבלאָנדזשעט — האָט זי ווידער געזאָגט — איך וואוין דאָ ביי די קאַמערהערס; ווי געהט מען?

— איך וועל אייך בעגלייטען, אויב איהר ערלויבט.

זיי זענען אַוועק.

— אָטטאָ איז אין דער היים? — האָט ער געפרעגט, אבי עפּעס צו זאָגען.

— יאָ, ער איז אין דער היים — האָט זי געענטפערט קורץ.

ערגעץוואו זענען פון א טיהר ארוים עטליכע מענשען, זיי האָבען ארויסגעטראָגען א פיאנאָ און פערצאמט דעם טראָטואר. וויקטאָריע האָט אָבגעטרעטען אָן א זייט, לינקס; זי האָט זיך צוגעטוליעט מיט'ן גאנצען קערפּער צו איהר בעגלייטער. יאָהאנעס האָט א קוק געטהאָן אויף איהר.

— פערצייהט — האָט זי געזאָגט.

איבער זיין גאנצען קערפּער איז דורכגעלאָפען א פלאם פון גליק פון דער בעריהרונג, א רגע האָט איהר אָטהעם אָנגעריהרט זיין באַק.

— כ'זעה איהר טראָגט א רינג — האָט ער געזאָגט. און ער האָט געשמייכעלט, און אויסגעזעהן גלייכגילטיג. — כ'מעג אייך אודאי גראטולירען?

וואָס האָט זי איהם געקענט ענטפערן? ער האָט ניט געקוקט אויף איהר, נאָר ער האָט איינגעהאלטען דעם אָטהעם.

— און איהר? — האָט זי געענטפערט — איהר האָט נאָך ניט קיין רינג? — אודאי ניט. מיר האָט טאַקע עמיץ דערצעהלט... איצט דערצעהלט מען אזוי פיעל וועגען אייך און אין די צייטונגען דרוקט מען.

— כ'האָב אָנגעשריבען עטליכע ליעדער — האָט ער געענטפערט

— נאָר איהר האָט זיי געוויס ניט געזעהן.

— ניט א גאנצען בוך? מיר דוכט...

— יא, און א קליין ביכעל.

זיי זענען ארוים אויף'ן פּלאץ, זי האָט ניט געהאַט וואָס צו איילען זיך, כאָטש זי האָט געדארפט געהן צו די קאמערהערס, זי האָט זיך געזעצט אויף א באנק. ער איז געשטאנען פאר איהר.

און אָט האָט זי איהם פּלוצלינג אויסגעשטרעקט די האנד און געזאָגט:

— זעצט זיך אויך צו.

און נאָר ווען ער האָט זיך געזעצט, האָט זי ארויסגעלאָזען זיין האנד.

איצט אָדער קיינמאָל! האָט ער א טראכט געטהאָן. ער האָט וויעדער געפּרובט אָננעהמען א שפּאסענדיגען און גלייכגילטיגען טאָן, ער האָט געשמייכעלט, געקוקט אין רוים. גוט

— אָך, יא, איהר זענט פערלאָבט און ווילט מיר אפילו ניט זאָ־גען. מיר, אייער שכן פון פאַלוואַרק.

זי האָט זיך פערטראַכט.

— גאָר וועגען עפּעס אנדערש האָב איך היינט געוואָלט רעדען מיט אייך — האָט זי געענטפערט.

ער איז פּלוצלינג ערנסט געוואָרען און שטיל געזאָגט:

— יא, יא, דאָס פערשטעה איך זעהר גוט.

שטילשווייגען.

ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— געוויס, כ׳האָב די גאַנצע צייט געוואוסט, אז איך וואָלט ניט געקענט.... יא, אז ניט מיר איז בעשערט.... איך בין געווען פּשוט א מילנער׳ס א זוהן, און איהר... געוויס איז עס אזוי. כ׳פערשטעה אפילו ניט, ווי וואַג איך דאָס צו זיצען דאָ נעבען אייך. ווארום איך וואָלט בעדאַרפט שטעהן פאַר אייך אָדער פאַלען אויף די קניה, אָן דאָרט. דאָס וואָלט איך בעדאַרפט טהאָן. נאָר דאָס אַלץ... און אַל די יאָהרען, וואָס כ׳בין ניט געווען אין דער היים, האָבען עפּעס גע־ווירקט. איצט בין איך עפּעס ווי מוטהיגער. אזוי ווי כ׳וויס דאָך, אז כ׳בין שוין מעהר ניט קיין קינד, ווייס איך אויך, אז איהר קענט מיך ניט פערשליסען אין א תפיסה, אפילו אייך זאָל זיך עס פערוועלען. דאַריבער וואַג איך צו רעדען. נאָר איהר דאַרפט ניט אין כעס זיין אויף מיר; איך וועל בעסער שווייגען.

— ניין, רעדט, זאָגט אַלצדינג, וואָס איהר ווילט.

— איך מעג? אַלץ, וואָס איך וויל? אָבער אייער רינג דאַרף מיר אין קיין זאַך ניט אָבשטעלען.

— ניין — האָט זי געענטפערט שטיל — ער שטערט אייך קיין זאַך ניט. ניין.

— וואָס? יא, נאָר וואָס בעדייט עס אויב אזוי? זאָל אייך גאָט בענשען, וויקטאָריע, — כ׳האָב ניט קיין טעות? — ער איז אויפגע־שפּרונגען און האָט זיך איינגעבויגען פאַראויס, אריינצוקוקען איהר אין פּנים. — איך וויל זאָגען, אייער רינג בעווייזט גאָרניט?

— זעצט זיך.

ער האָט זיך געזעצט.

— אָ, ניין, איהר האָט בעדאַרפט וויסען, וויפיעל איך האָב וועגען

אייך געקלערט; גאָט מיינער, האָט דען מיין הארץ געוואוסט פון א מינדעסטען געדאַנק, אַן אנדערן! פון אַלעמען, וואָס כ׳האָב געזעהן, פון אַלעמען, וואָס כ׳האָב געקענט, איז פאר מיר ניט געווען קיין אנדער מענש אויף דער וועלט, אויסער אייך. כ׳האָב ניט געהאַט קיין כח צו טראַכטען אַנדערש: וויקטאָריע איז די שעהנסטע און די ליבטיגסטע, און איך קען איהר; פריילין וויקטאָריע, פלעג איך שטענדיג טראַכטען. און דערביי האָב איך זעהר גוט פערשטאַנען, אז קיינער איז ניט אזוי ווייט פון אייך, ווי איך; נאָר כ׳האָב אייך געקענט — יא, דאָס איז ווייט־ווייט ניט אזוי וועניג פאַר מיר, — כ׳האָב געוואוסט, אז איהר וואוינט דאָרט און אפשר דערמאָנט איהר זיך אָן מיר אַמאָל. געוויס, איהר פלעגט זיך ניט דערמאָנען; נאָר פיעל אבענדען בין איך אָבגעזעסען אויף מיין שטול און געטראַכט, אז איהר דערמאָנט זיך, אפשר, אָן מיר אַמאָל. און דאַמאָלסט, ווייסט איהר, פלעגט זיך פאר מיר ווי א הימעל ענטפלעקען, פריילין וויקטאָריע, און אָט האָב איך פאר אייך ליעדער געשריבען און בלומען געקויפט פאר גאָר די געלד, וואָס כ׳האָב געהאַט, און געבראַכט אהיים און אריינגעשטעלט אין א וואזע. אַלע מיינע ליעדער זענען אייך געווידמעט, נאָר א פּאָר קליינע — ניט אייך; זענען זיי ניט געדרוקט. נאָר איהר האָט דאָך ניט געלעזען אפילו די, וואָס זענען געדרוקט. איצט האָב איך אָנגעהויבען צו שרייבען א גרויס בוך. אָ, גאָט! ווי איך בין אייך דאַנקבאַר, וואָס איך בין אזוי פול מיט אייך, און דאָס איז מיין גאַנצע פרייד. איך פלעג שטענדיג הערען אָדער זעהן עפּעס, וואָס פלעגט מיך דערמאָנען אָן אייך, גאַנצע טעג און אפילו נעכט. כ׳האָב אויפגעשריבען אייער נאָמען אויף׳ן סופיט, און אָט ליג איך מיר און קוק; נאָר די דינסט, וואָס רוימט אויף מיין צימער, זעהט ניט, כ׳האָב עס אויפגעשריבען אזוי קליין, ס׳זאָל זיין פאר מיר אליין. דאָס איז אויך א פרייד פאַר מיר.

זי האָט זיך אָבגעקעהרט, אויפגעקנעפּעלט איהר קלייד אויף׳ן ברוסט און ארויסגענומען א פּאַפּירעל.

— זעהט! — האָט זי געזאָגט, שווער אטהמענדיג — כ׳האָב דאָס אויסגעשניטען און בעהאַלטען. איהר דאַרפט זיך דאָס אריינ־נעהמען אין זינען, אז איך לייען דאָס יעדען אבענד. צוערשט האָט דאָס מיר דער פּאַפּאַ געוויזען, בין איך צוגעגאַנגען צום פענסטער און

איבערגעלייענט. נאָר וואו איז דאָס? כ'געפין ניט, האָב איך געזאָגט און איבערגעדרעהט די ציימונג אויף דער אַנדערער זייט. נאָר כ'האָב עס שוין איבערגעלייענט און געווען פול פרייד.

דער פאַפיר האָט געאָטהעמט מיט'ן אָראָמאַט פון איהר ברוסט; זי האָט צונומען דעם פאַפיר און געוויזען איהם איינע פון זיינע ערשטע ליעדער, פיער קורצע פערזען, צו איהר, צו דער רייטערין אויף'ן ווייסען פערד. דאָס איז געווען אַן איינפאַכער און הייסער ודוי פון א נשמה, ווערטער פון טיעפען הארצען, וואָס מען קען ניט איינהאַלטען, און וואָס האָבען אויפגעבליצט אין די שורות, ווי שטערן, וואָס צינדען זיך אָן.

— יאָ — האָט ער געזאָגט — דאָס האָב איך אָנגעשריבען. ס'איז געווען אַזוי לאַנג צוריק, ס'איז געווען נאַכט, די טאָפּאָליעס הינטער מיין פענסטער האָבען אַזוי געראַושט און כ'האָב געשריבען. טאַקע, איהר בעהאַלט זיי ווייטער? איך דאַנק איך! איהר האָט זיי אויפּס־ניי בעהאַלטען. אָך! — האָט ער אויסגעשריען אין ענטציקונג, און די שטימע איז ביי איהם געווען גאָר שוואַך — איהר זיצט שוין איצט ניט אַזוי ווייט. איך פיהל אייער האַנד נעבען מיינער, פון אייך וועהט א וואַרימקייט. פיעל מאָל, ווען כ'בין געווען אַליין און געטראַכט פון אייך, פלעג איך פריהרען פון אויפרעגונג; נאָר איצט איז מיר וואַרעם. ווען איך בין דעם לעצטען מאָל געווען אין דערהיים, זענט איהר געווען שעהן; נאָר איצט זענט איהר נאָך שעהנער. די אויגען, די ברעמען, אייער שמייכעל, — ניין, כ'ווייס ניט, וואָס איך רעד, אַלץ צוזאַמען, אַלץ.

זי האָט געשמייכעלט און געקוקט אויף איהם מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגען, טונקעל־בלויע, אונטער לאַנגע וויעס. זי האָט אַזוי וואַרעם געשיינט. ס'האָט זיך געדוכט, זי לעבט איבער די טיעפסטע פרייד, און זי האָט זיך א ציה געטהאָן צו איהם מיט אַן אונבעוואוסט־זיניגער בעוועגונג פון האַנד.

— איך דאַנק אייך! — האָט זי געזאָגט.

— ניין, וויקטאָריע, ניט דאַנקט מיר — האָט ער געענטפערט. זיין גאַנצע נשמה האָט זיך געריסען צו איהר. און ער האָט געוואָלט רעדען נאָך, רעדען נאָך; דאָס איז געווען ווי א פיבער, ווי ער וואָלט שכור געוואָרען. — יאָ, נאָר, וויקטאָריע, אויב איהר האָט מיך אַ ביי־

סעל ליעב.... כ׳ווייס ניט, נאָר זאָגט, אז איהר האָט מיך ליעב, אויב ס׳איז אפילו ניט אזוי. זענט א גוטע! אָך, כ׳וואָלט אייך צוגעזאָגט ווערען עפּעס, ווערען א גרויסער מענש, במעט אן אונערהערטער־גרויי־כער. איהר שטעלט זיך גאָרניט פאָר, וואָס איך וואָלט געקענט ווערען; אמאָל חלום איך דערוועגען, און כ׳ווייס, אז כ׳בין אין גאַנצען פול מיט ניט־געטהוענע טהאַטען. ניט איינמאָל רייסט זיך עס פון מיר, און גאַנצע נעכט געה איך אום מיט וואקעלדיגע טריט, הין און צוריק, אין מיין צימער, ווייל כ׳בין פול מיט בילדער. אין אנדערן צימער ליגט א מענש, ער קען ניט אנשלאָפען ווערען, ער קלאַפּט אין וואַנד. פּאַרטאָג לויפט ער אריין צו מיר, ווילד פאַר כעס. ס׳שאַדט ניט, איך קוק ניט אויף איהם; ווייל כ׳האָב אזוי לאַנג געטראַכט פון אייך, אז מיר האָט זיך געדוכט, איהר זענט ביי מיר. איך געה צום פענסטער און זינג, ס׳נעהמט שוין טאָגען, די טאַפּאָליעס רוישען הינ־טער׳ן פענסטער. א גוטע נאכט! זאָג איך דעם אָנקומענדען טאָג. דאָס איז — פאר אייך. איצט שלאָפט זי, טראַכט איך, א גוטע נאכט. גאָט זאָל איהר בענשען! און דאַן לעג איך זיך. און אזוי פערגעהט אן אָווענד נאָך אן אָווענד. נאָר כ׳האָב קיינמאָל ניט גע־וואוסט, אז איהר זענט אזוי שעהן, וויקטאָריע. אזא וועל איך זיך אָן אייך דערמאָנען, ווען איהר וועט אוועקפאָהרען; אזא, ווי איצט. כ׳וועל אייך געדענקען אזוי קלאָר....

— און איהר וועט ניט קומען אהיים?

— ניין, כ׳האָב נאָך ניט געענדיגט. אודאי, וועל איך קומען. כ׳פאָהר גלייך. כ׳האָב ניט געענדיגט, נאָר כ׳וועל אלצדינג טהאָן. איהר געהט די צייטען אין גאָרטען? איהר געהט אמאָל ארוים אָווענד־צייט, וויקטאָריע? כ׳וואָלט אייך אפשר געקענט זעהן אמאָל, בעגריי־סען, מעהר דארף איך ניט. נאָר האָט איהר מיך כאָטש א ביטעל ליעב, אָדער איהר פערטראָגט מיך נאָר, קענט מיך ליידען, זאָגט־זשע... דערפרעהט מיך... איהר ווייסט, פאַרהאַן א פּאַלמע, וואָס בליהט איין איינציגען מאָל אין איהר לעבען, כאָטש זי לעבט זיעבעציג יאָהר. א שירם־פּאַלמע, נאָר זי בליהט בלויז איינמאָל. איצט בליה איך. יא, כ׳וועל זעהן קריגען געלד און פאָהרען אהיים. כ׳וועל פערקויפען אלעס, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבען; גראָד שרייב איך א גרויס בוך, וועל איך דאָס פערקויפען גלייך, מאָרגען, אלעס, וואָס כ׳האָב גרייט. איך

וועל קריגען א מאסע געלד דערפאר. איהר וואָלט וועלען כ'זאָל אהיים פאָהרען?

— יא.

— א דאנק, א דאנק! פערציייהט, אויב כ'האָב צופיעל, כ'גלויב צופיעל, ס'איז דאָך אזוי גוט אין עפּעס צו גלויבען, וואָס איז אונגעוועהנליך גרויס. דאָס איז דער גליקליכסטער טאָג, וואָס כ'האָב איבערגעלעבט....

ער האָט אויסגעטהאָן די הוט און אוועקגעלעגט נעבען זיך.

וויקטאָריע האָט זיך אומגעקוקט, אונטען אין גאס איז געגאנגען א דאמע, און א ביסעל העכער, א פרוי מיט א קאָשיק. וויקטאָריע איז אונרוהיג געוואָרען, ארויסגענומען דעם זייגער.

— איהר דארפט שוין געהן? — האָט ער געפרעגט. — זאָגט עפּעס פאר'ן אוועקגעהן, לאָזט מיך הערען אייער שטימע... איך האָב אייך ליעב און זאָג דאָס. און אָן אייער ענטפער וועט זיך ווענדען, כ'בין אין גאנצען אין אייערע הענד. וואָס וועט איהר ענטפערן? שטילשווייגען.

ער לאָזט אראָב דעם קאָפּ.

— ניין, זאָגט גאָרניט! — בעט ער זיך.

— ניט דאָ — האָט זי געענטפערט — כ'וועל דאָס טהאָן דאָרט. זיי זיינען אוועקגעגאנגען.

— מ'זאָגט, איהר האָט חתונה מיט דער קליינער מיידעלע, דער מיידעלע, וואָס איהר האָט געראטעוועט; ווי רופט מען איהר?

— מיט קאמילע'ן, מיינט איהר?

— קאמילע סייער, מ'זאָגט, איהר האָט חתונה מיט איהר.

— אזוי, צו וואָס פרעגט איהר? זי איז נאָך קליין — כ'בין געווען ביי איהר אין הויז, אזא גרויס און רייך הויז, א שלאָס, ווי ביי אייך; כ'בין דאָרט געווען ניט איין מאָל. ניין, זי איז נאָך קליין.

— זי איז פופצעהן יאָהר אלט. כ'האָב איהר בעגעגענט, מיר זיינען געווען צוזאמען. כ'האָב איהר זעהר ליעב געקראָגען. ס'אַרא ליעבע זי איז!

— כ'וועל ניט חתונה האָבען מיט איהר — האָט ער געזאָגט.

— ניין, טאקע?

ער האָט געקוקט אויף איהר. זיין פּנים האָט א ציטער געטהאָן.

— נאָר צו וואָס זאָגט איהר דאָס איצט ? איהר ווילט, כ׳זאָל טראַכטען פון אַן אַנדערער ?

זי האָט אָנגעהויבען צו געהן מיט גיכע טריט און ניט גע־ענטפערט.

זיי זענען אַזוי צוגעקומען צום קאָמערהער׳ס הויז. זי האָט איהם אָנגענומען פאַר׳ן האַנד און געפיהרט דורכ׳ן טיהר, אַרויף אויף די טרעפּ.

— איך וועל אַהין ניט געהן — האָט ער געזאָגט, האַלב פער־וואונדערט.

זי האָט אַ דריק געטהאָן דאָס גלעקעל, זי האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהם, און איהר ברוסט האָט זיך געהויבען.

— איך האָב אייך ליעב — האָט זי געזאָגט — איהר פערשטעהט ? נאָר אייך האָב איך ליעב.

פּלוצלינג האָט זי איהם גיך מיטגעצויגען דריי, פיער טרעפּלעך אַראָב, האָט איהם אַרומגענומען און אַ קוש געטהאָן. זי האָט געציטערט.

— נאָר אייך האָב איך ליעב — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט, שווער אָטהמענדיג, מיט אויגען, גאָר פער׳שכור׳טע.

אין דער הויך האָט מען געעפענט די אַרויפגאַנג־טיהר. זי האָט זיך אַרויסגעריסען און אַרויפגעלאָפען אויף די טרעפּ.

4.

פריהמאָרגען קומט, ס׳גרויט דער טאָג, אַ בלוילי֖כער, ציטערדי־גער סעפּטעמבער־טאָג.

שטיל רוישען די טאָפּאָליעס אין וואַלד. ס׳עפענט זיך אַ פענס־טער, פון איהר רוקט זיך אַרויס אַ מענש און זינגט זיך צו. ער איז ניט אָנגעטהאָן, ער קוקט אויף דער וועלט, ווי אַן אויסגעטהאָנענער משוגע׳נער, וואָס איז די נאַכט גאָר שכור געוואָרען פון גליק.

פּלוצלינג קעהרט ער זיך אָב פון זיין פענסטער און קוקט זיך איין אין זיין טיהר ; עמיץ האָט אָנגעקלאַפּט. ער שרייט : קומט אַריין.

עפּעס אַ מענש געהט אַריין.

— גוט־מאָרגען! — זאָגט ער דעם אַריינקומענדען.

דאָס איז אַן עלטערער מענש. ער איז בלייך און ווילד פאַר כעס, אין האַנד האַלט ער אַ לאָמפּ, ווייל ס'האָט נאָך ניט געטאָגט.

— איך וויל אייך נאָכאַמאָל אויפמערקזאם מאַכען, ה' מעלער, ה' יאָהאַנעס מעלער, רעכענט איהר דאָס אַלס פאַר פּאַסיג — מורמעלט ביי־טער דער מענש.

— ניין — ענטפערט יאָהאַנעס — איהר זענט גערעכט! כ'האָב דאָ געשריבען, איהר פערשטעהט, ס'האָט מיך אַזוי פערכאַפּט דאָס, וואָס כ'האָב אָנגעשריבען, איך בין געוועזען גליקליך היינט ביינאַכט. נאָר איצט האָב איך געענדיגט. כ'האָב בלויז געעפענט דעם פענסטער און שטיל געזונגען.

— איהר האָט געזונגען — זאָגט דער מענש — כ'האָב געהערט זינגען אויף'ן העכסטען קול, פערשטעהט איהר מיך. און ס'איז דאָך נאָך גאָר נאַכט.

יאָהאַנעס גראַבט זיך אין זיינע פּאַפּירען אויף'ן טיש, נעהמט אַ פּעקעל גרויסע און קליינע בלעטלעך.

— זעהט! — שרייט ער — כ'זאָג אייך, מיר האָט זיך דאָס קיינמאָל ניט אַזוי גוט איינגעגעבען. דאָס איז געוועזען ווי אַ לאַנגער בליץ. כ'האָב אַמאָל געזעהן אַ בליץ, וואָס האָט זיך אויסגעצויגען איי־בער אַטעלעגראַף־דראָט — זאָל איך גאָט היטען — האָט דאָס אויסגע־זעהן ווי אַ פייער־לייל עך. אַזוי האָט אין מיר געגליהט היינט ביי־נאַכט. וואָס זאָל איך טהאָן? כ'רעכען ניט, איהר זאָלט נאָך האָבען עפּעס געגען מיר, וויסענדיג, וואָס דאָ איז. כ'בין דאָ געזעסען, הערט זיך איין, און געשריבען, כ'האָב זיך ניט אַ ריהר געטהאָן; כ'האָב אייך געהאַט אין זינען און בין געווען שטיל. און אַט איז געקומען אַ רגע, ווען כ'האָב דאָס אויפגעהערט אין זינען צו האָבען, מיין ברוסט האָט זיך שיער ניט צוריסען. מעגליך, אַז דאַן בין איך אויפגעשטאַ־נען און געגאַנגען אַ פּאָר טריט איבער'ן צימער. כ'בין געווען אַזוי פול מיט פרייד.

— כ'האָב אייך ניט אָפט געהערט די נאַכט — זאָגט דער מענש.

— ס'איז אָבער גאָר אונפערצייהליך פון אייער זייט צו עפענען איצט דעם פענסטער אַזוי פריה און רעוועזן אַזוי.

— יאָ, אודאי, איז עס אונפערצייהליך. כ'האָב דאָך אָבער אייך ערקלערט. כ'האָב פערבראַכט אַ נאַכט, וואָס כ'האָב נאָך ניט געהאַט

אזא. נעכטען האָב איך עפּעס איבערגעלעבט. כ'בין אומגעגאנגען אויף'ן גאס און בעגעגענט דאָרט מיין גליק, אָ, הערט מיך אויס, כ'האָב בעגעגענט מיין שטערן און מיין גליק. נו, יא, און דערנאָך האָט זי מיר א קוש געטהאָן. דער מויל איז ביי איהר אזא רויטער, און איך האָב איהר ליעב, זי קושט מיך און פער'שכור'ט. האָבען ביי אייך אמאָל די ליפּען געציטערט אזוי שטארק, אז איהר האָט ניט געקענט רעדען? יא, כ'האָב ניט געקענט רעדען, מיין הארץ האָט געמאכט צו ציטערען מיין גאנצען לייב. איך בין אהיים געלאָפען און גלייך אנשלאָפען געוואָרען; כ'בין געזעסען דאָ אויף'ן שטוהל און געשלאָפען. ווען ס'איז געוואָרען אָוועגד, האָב איך זיך אויפגעכאפּט, מיין נשמה האָט זיך געוויגט ארויף און אראָב און כ'האָב אָנגעהויבען שרייבען. וואָס האָב איך אָנגעשריבען? אָט איז דאָס! מיך האָט פערכאפּט א זעלטענער און פייערליכער שטראָם פון געדאנקען, די הימלען האָבען זיך געשפּאָלטען, און מיין נשמה איז געווען ווי א ווארעמער זומער־טאָג, א מלאך האָט מיר וויין געבראכט, איך האָב געטרונקען דעם וויין, וואָס פער'שכור'ט, כ'האָב געטרונקען וויין פון א גראַנאט־בעכער. צי האָב איך געהערט, ווי דער זייגער האָט געשלאָגען? געזעהן, ווי דער לאָמפּ געהט אויס? אָ, ווען איהר זאָלט דאָס פערשטעהן! כ'האָב דאָס אלץ איבערגעלעבט נאָכאמאָל, נאָכאמאָל בין איך געגאנגען אויף'ן גאס מיט מיין געליעבטער, און אלע האָבען זיך אומגעקוקט אויף איהר. מיר זענען געגאנגען דורכ'ן פּארק, מיר האָבען בעגעגענט דעם קעניג, פון פרייד, האָב איך אראָבגענומען פאַר איהם מיין הוט ביז צו דער ערד, און דער קעניג האָט זיך אומגעקוקט אויף איהר, מיין געליעבטער, אזוי מאיעסטעטיש און שעהן איז זי. מיר האָבען זיך ווייעדער אומגעקעהרט אין שטאָדט, און אלע שול־יונגלעך האָבען זיך אומגעקוקט אויף איהר, דען זי איז יונג און טראָגט א העלע קלייד. מיר זענען צוגעגאנגען צו א רויטען שטיינערן הויז און אריין. איך בין איהר נאָכגעגאנגען אויף די טרעפּ און געוואָלט שטעלען זיך אויף די קניה פאר איהר. האָט זי מיך ארומגענומען און א קוש געטהאָן. דאָס איז געשעהן מיט מיר נעכטען אָוועגד, ערשט נעכטען. און פרעגט איהר מיך, וואָס כ'האָב אָנגעשריבען, האָב איך אָנגעשריבען איין ליעד, בלויז איין ליעד פון פרייד, פון גליק. גלייך ווי

דאָס גליק וואָלט פאַר מיר אַ נאַקעטע געלעגען מיט איהר לאַנגען, לאַ־בענדיגען האַלז און געצווייגען זיך צו מיר.

— ניין, כ'האָב גאָר קיין חשק ניט צו פּלוידערן מיט אייך לענ־גער — זאָגט דער מענש מיט פעררדרוס און אומעטיג. — כ'האָב גערעדט מיט אייך דאָס לעצטע מאָל.

יאָהאַנעס שטעלט איהם אָב אין טיהר.

— וואַרט אַ ווײלע. ניין, איהר האָט גדאַרפט זעהן. די זון האָט עפּעס ווי בעלויכטען אייער פּנים. כ'האָב עס בעמערקט איצט, ווען איהר האָט זיך אויסגעדרעהט, דאָס איז די לאָמפּ, זי האָט געוואָר־פען אַ זון־פּלעק אויף אייער שטערן. און איהר זענט שוין ניט געווען אַזוי אין כעס, כ'האָב דאָס געזעהן. כ'האָב אויפגעעפענט דעם פענס־טער, יאַ, כ'האָב געזונגען אויף אַ קול. איך בין אַ ברודער פול פרייד — אַלעמען'ס. דאָס געשעהט אַמאָל, דער שכל שטאַרבט אָב. כ'האָב בעדאַרפט אין זינען האָבען, אַז איהר שלאָפט נאָך.

— די גאַנצע שטאָדט שלאָפט נאָך.

— יאַ, ס'איז נאָך פריה. כ'וויל אייך עפּעס אַ מתנה געבען. איהר ווילט דאָס? אַ זילבערנער, האָב עס געקריגען אַ מתנה. אַ קליין מיידעלע, וואָס כ'האָב אַמאָל געראַטעוועט, האָט מיר דאָס אַ מתנה גענעבען. יאַ, זאָגט זיך ניט אָב! ס'געהט אריין צוואַנציג פּאַ־פּיראָסען. איהר ווילט דאָס ניט נעהמען? אָ, אַזוי, איהר רויכערט ניט. קען איך אריינגעהן צו אייך מאָרגען פריה און ענטשולדיגען זיך? מיר ווילט זיך עפּעס טהאָן, בעטען ענטשולדיגונג...

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט. איצט וועל איך זיך לייגען. כ'זאָג אייך צו. מעהר וועט איהר דאָ קיין שאָרך ניט הערען. און ווייטער וועל איך שוין זיין פאָרזיכטיגער.

דער מענש איז אוועק.

יאָהאַנעס האָט פּלוצלינג אויפגעעפענט די טיהר און נאָכגע־שריען:

— אַי, איצט פאָהר איך אוועק. מעהר וועל איך אייך שוין ניט בעאונרוהיגען, מאָרגען פאָהר איך אוועק. כ'האָב אייך פערגעסען צו זאָגען.

ער איז ניט אוועקגעפאָהרען. פערשיעדענע זאַכען האָבען איהם

אָבגעהאַלטען, ער האָט געהאַט צו בעזאָרגען עפּעס ענינים, איינקויפען, אָבצאָהלען חובות.

ס'איז געקומען דער פריהמאָרגען און געקומען איז דער אָוונד. ער האָט ארומגעבלאָנדזשעט ווי א משוגע'נער.

צום סוף האָט ער אָנגעקלונגען ביי די קאמערהערס. — וויקטאָריע איז אין דער היים?

וויקטאָריע איז אוועק עפּעס בעזאָרגען.

ער ערקלערט, אַז זיי זענען פון דערזעלבער געגענד, ער און פרייליין וויקטאָריע, ער האָט נאָר געוואָלט אויסדריקען איהר זיין אַכטונג, ווען זי זאָל זיין אין דער היים; ער ערלויבט זיך אָבגעבען איהר א גרוס. ער וויל שיקען א גרוס אַהיים. גוט.

און ער האָט זיך געלאָזט אין שטאָדט. ווער ווייס, אפשר קען מען איהר בעגעגנען ערגעץ, בעמערקען, אפשר זיצט זי אין א קאַטש. ער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט ביז אויף דער נאכט. ער האָט איהר געטראָפען ביי'ן טהעאטער, בעגריסט איהר, געשמייכעלט און בעגריסט, און זי האָט געענטפערט אויף זיין בעגריסונג. ער האָט געוואָלט צוגעהן צו איהר, ס'איז געווען ניט מעהר ווי א פּאָר טריט, — דערזעהט ער פּלוצלינג, אַז זי איז ניט אַליין, אַז מיט איהר איז אָטטאָ, דעם קאמערהער'ס זוהן. ער איז געגאַנגען אין א מונדיר פון א לייטענאַנט.

יאָהאַנעס האָט געטראַכט: איצט וועט זי מיר אפשר א ווינק טהאָן, געבען א צייכען קוים-קוים מיט די אויגען? זי איז אריינגעלאָפען אין טהעאטער, רויט ווערענדיג, מיט אַן אראָבגעלאָזטען קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט בעהאַלטען.

קען מען איהר ניט זעהן אינוועניג? ער האָט גענומען א בילעט און איז אריין.

ער האָט געוואוסט דעם קאמערהער'ס לאָזשע, יא, רייכע לייט האָבען לאָזשעס. זי איז דאָרט געזעסען אין איהר גאַנצער פּראכט און געקוקט אין אַלע זייטען. האָט זי א קוק געטהאָן אויף איהם? קיין איין מאָל ניט!

נאָכ'ן אקט האָט ער איהר אָבגעוואַרט אין קאָרידאָר. ער האָט איהר ווידער בעגריסט; א ביסעל פערוואונדערט האָט זי א קוק געטהאָן אויף איהם און א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— דאָ קענסטו טרינקען — האָט געזאָגט אָטמאָ, אָנווייזענדיג פאָראויס.

זיי זיינען פערבייגעגאנגען.

יאָהאַנעס האָט זיי נאָכגעקוקט. א מאָדנע פינסטערניש האָט פערטונקעלט זיינע אויגען. און די אַלע זענען אויף איהם אין כעס געווען און געשטופּט זיך. מעכאַניש בעט ער פערצייהונג און שטעהט. זי איז פערשוואונדען.

ווען זי האָט זיך אומגעקעהרט, האָט ער זיך נידריג פערבויגט פאַר איהר און געזאָגט:

— ענטשוולדיגט, פריילין...

— דאָס איז יאָהאַנעס — האָט זי געזאָגט, איהם פאָרשטעלענדיג.

— דערקענסט איהם ניט?

אָטמאָ האָט געענטפערט און ער האָט א קוק געטהאָן אויף איהם.

— איהר ווילט געווים געוואָהר ווערען, וואָס מאַכען דאָרט אייערע — האָט זי ווייטער געזאָגט, און איהר געזיכט איז געווען שעהן און רוהיג. — איך וויים ניט, נאָר, כ׳רעכען, גאַנץ גוט. אויסגעצייכענט. — כ׳וועל אָבגעבען א גרוס די מעללערס.

— א דאַנק. די פריילין פאָהרט גיך אוועק?

— די טעג, אַלזאָ, וועל איך אָבגעבען א גרוס.

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און איז אוועק.

יאָהאַנעס האָט איהר ווידער נאָכגעקוקט ביז זי איז ניט פערשוואונדען פון אויג, און ארויסגעגאַנגען. ער האָט געבלאָנדזשעט שווער און טרויעריג איבער די גאַסען, נאָר צו טויטען די צייט. צעהן אזייגער איז ער געשטאַנען פאַר׳ן קאמערהער׳ס הויז און געוואַרט. דער טהעאַטער איז געענדיגט, איצט וועט זי צוריקקומען. ער וואָלט דאָך געקענט עפנען די טירעל פון קאָטש, אראָבנעהמען דעם הוט, עפנען די טירעל פון קאָטש און פערנייגען זיך ביז צו דער ערד!

ענדליך, אין א האַלבער שעה ארום, איז זי געקומען. קען ער שטעהן דאָרט ביי׳ן טיהר און ווידער דערמאָנען אָן זיך? גיך איז ער געגאַנגען ארויף אין גאַס און זיך אומגעקוקט. ער האָט געהערט, ווי די טויערען ביי׳ן קאמערהער האָבען זיך געעפענט, ווי ס׳איז אריינגעפאָהרען די קאָטש, ווי די טויערען האָבען זיך צוריק פערמאַכט. דאַמאָלס האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק.

איצט איז ער ארומגעגאנגען פאר'ן הויז הין און צוריק א גאנצע שעה. ער האט קיינעם ניט אָבגעוואַרט, און גאָרניט אויסען געווען. פּלוצלינג עפענט זיך א טיהר, און וויקטאָריע קומט ווידער ארויס אויף'ן גאס, זי איז אָהן א הוט, נאָר אשאַל האט זי ארויפגעוואָרפען אויף די אַקסלען. זי שמייכעלט, האלב־שרעקעדיג, האלב צוטומעלט, און, פאר אַן אָנהויב, פרעגט זי:

— איהר דרעהט זיך דאָ ארום און קלערט?

— ניין — ענטפערט ער — איך קלער? איך דרעה זיך בלויז ארום.

— כ'האָב געזעהן, ווי איהר דרעהט זיך דאָ ארום הין און צוריק, האט זיך מיר פערוועלט.... כ'האב איך געזעהן פון פענסטער. כ'מוז באַלד צוריק געהן.

— א דאנק, וואָס איהר זענט געקומען, וויקטאָריע. כ'בין געווען אין אַזא יאוש, נאָר איצט איז עס אריבער. פערצייהט, וואָס כ'האָב אייך בעגריסט אין טהעאטער. צום בעדויערען, האָב איך זיך נאָך דערצו נאָכגעפרעגט אויף אייך ביי די קאמערהערס, מיר האט זיך גע־וואָלט אייך זעהן און דערגעהן, וואָס טראַכט איהר, וואָס האט איהר בדעה צו טהאָן?

— יא — האט זי געזאָגט — איהר ווייסט דאָך. כ'האָב אייער־נעכטען אזוי פיעל געזאָגט, אז ביי אייך דארף גאָר קיין צווייפעל ניט זיין.

— איך בין נאָך אַלץ אין קיין זאך ניט זיכער.

— לאָמיר מעהר דערפון ניט רעדען. כ'האָב געזאָגט גענוג, כ'האָב געזאָגט צופיעל, און איצט וועל איך אייך וועה טהאָן. כ'האָב אייך ליעב, כ'האָב דאַמאָלס ניט געליגט און איצט ליג איך אויך ניט; נאָר אזוי פיעל זאַכען צושיידען אונז. כ'האָב אייך זעהר ליעב, גערן רעד איך מיט אייך, מעהר גערן ווי מיט וועמען ניט איז, נאָר... און, כ'קען דאָ לענגער ניט שטעהן, מען קען אונז נאָך דערזעהן פון פענסטער. יאָהאַנעס, דאָ איז אזוי פיעל סבות, וואָס איהר ווייסט ניט, און איהר דארפט מיר מעהר ניט פרעגען, וואָס איך טראַכט. כ'האָב געטראַכט דערפון טאָג און נאַכט; כ'טראַכט דאָס, וואָס איך זאָג. דאָס איז אָבער אונמעגליך.

— וואָס איז אונמעגליך?

— אַלצדינג. אַלעס צוזאַמען. הערט זיך איין, יאָהאַנעס, איהר דאַרפט שוינען מיין שטאָלץ און אייערע.

— יאַ, גוט. כ׳וועל שוינען! הייסט עס דאָך, אַז איהר האָט מיך גענאַרט אייערנעכטען. ס׳האָט זיך געמאַכט, אַז איהר האָט מיך אָנגעטראָפען אין גאַס, איהר זענט געווען גוט אויפגעלעגט, האָט איהר...

זי האָט זיך אויסגעדרעהט און געוואָלט אַוועקגעהן.

— כ׳האָב געטהאָן עפּעס אַ נאַרישקייט? — האָט ער געפרעגט. זיין פּנים איז געווען בלייך, ניט צו דערקענען. — כ׳האָב געוואָלט זאָגען, פאַר וואָס האָב איך פערלוירען אייער?.... האָב איך זיך אין וואָס פערשולדיגט פאַר די צוויי טעג און צוויי נעכט?

— ניין, ניט דאָס. כ׳האָב עס נאָר בעקלערט, דאָס אַלץ; איהר האָט ניט געטראַכט? דאָס איז אַלע מאָל געווען אונמעגליך פערשטעהט עס. איך האָב אייך ליעב, שעץ אייך...

— און אַכט אייך.

זי קוקט זיך איין אויף איהם, זיין שמייכעל בעליידיגט איהר אַז זי רעדט ענטשלאָסענער:

— גאָט מיינער, פערשטעהט איהר דען ניט, אַז דער פּאַפּאַ וואָלט געווען געגען דעם? צו וואָס נויט איהר מיר דאָס צו זאָגען? איהר פערשטעהט דאָך אליין. צו וואָס וואָלט עס דען געפיהרט? בין איך ניט גערעכט?

שטילשווייגען.

— יאַ — ענטפערט ער.

— אויסער דעם — זאָגט זי ווייטער — איז דאָ פאַראַן נאָך אַזוי פיעל סבות... ניין, טאַקע, קומט מעהר ניט נאָך מיר אין טהעאַטער. כ׳האָב זיך באמת איבערגעשראָקען. טהוט דאָס מעהר קיינמאָל ניט.

— ניין — ענטפערט ער.

זי נעהמט איהם פאַר׳ן האַנד.

— איהר וואָלט ניט געקענט אַזוי דורכפאָהרען זיך אַהיים. דאָס וואָלט מיך זעהר געפרעהט. ס׳אַרא וואַרעמע האַנד ביי אייך; מיר איז קאַלט, ניין, איצט מוזט איך שוין געהן. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט — ענטפערט ער.

די גאַס, אַ קאַלטע און גרויע, האָט זיך געצויגען דורכ׳ן שטאָדט; זי האָט אויסגעזעהען ווי אַ זאַמד־פּאַס, אַן אייביגער וועג אויף ארומ־

צוגעהן. ער האט בעגעגענט א אינגעל, וואס האט פערקויפט, אלטע, צוקנייטשטע רויזען; ער האט איהם צוגערופען, גענומען איין רויז, געגעבען א גאלדענעם פינף־קראנען־שטיק און איז אוועק ווייטער. באלד דערנאך האט ער דערזעהן א חברה יונגלעך שפּיעלען ביי א טויער. א צעהן־יאהריגער יונגעל איז זיך שטיל געזעסען און גע־קוקט; ער האט אלטע, העל־בלויע אויגען, וואס קוקען נאך די שפּיעל, איינגעפאלענע באקען און א פּיער־קאנטיגע גאמבע, אויף'ן קאפּ — א ליוועטענע היטעל — דאס איז געווען דער אונטערשלאק פון א הי־טעל. דער יונגעל האט געטראגען א פּארוק, א האר־קראנקהייט האט אויף אייביג א תל געמאכט פון זיין קאפּ. זיין נשמה איז אפשר אויך פערוועלקט געווארען.

דאס אלץ האט ער בעמערקט, כאטש ער האט גארניט געהאט קיין קלארע פארשטעלונג, אין וואס פאר אן עק שטאדט ער איז, אדער וואוהין ער געהט. גלייך ווי ס'האט אנגעהויבען רעגענען, און ער האט ניט געפיהלט און האט ניט אויפגעעפענט זיין שירם, כאטש ער האט איהם ארומגעטראגען מיט זיך א גאנצען טאג.

ווען ער איז געקומען ענדליך אויפ'ן פלאץ, וואו ס'שטעהען בענק, איז ער צוגעגאנגען צו זיי און זיך אנידערגעזעצט. וואס אמאל האט שטארקער געמעגנט, ער האט אונבעוואוסט געעפענט דעם שירם און איז ווייטער געזעסען. א ביסעל שפּעטער איז איהם בעפאלען א שלעפעריגקייט, א שטארקע, ווי א נעבעל האט זיין מארך פער־צויגען, ער האט צוגעמאכט די אויגען און האט אנגעהויבען איינצו־בויגען זיך און איינשלאפען.

אין א שעה ארום האט ער זיך אויפגעכאפּט פון'ם טומעלדיגען שמועס פון עטליכע דורכגעהער, ער איז אויפגעשטאנען און האט זיך געשלעפּט ווייטער. זיין מוח איז לויטער געווארען, ער האט זיך דערמאנט אלץ, וואס איז געשעהן, אלע פּאסירונגען, אפילו אן דעם יונגעל, וואס ער האט געגעבען פינף קראנען פאר איין רויז. ער האט זיך פארגעשטעלט, ווי ענטציקט איז געווען דער קלייניקער הערר, ווען ער האט געפונען די וואונדערבארע מטבע צווישען זיין קליינגעלד און זיך איבערצייגט, אז דאס איז ניט פינף און צוואנציג ער, נאר א גאלדענער פינף־קראנען־שטיק. זאל זיין מיט מזל!

און די איבעריגע יונגלעך האט אפשר דער רעגען פערטריבען,

און זיי שפּיעלען זיך איצט אין אַ טויער, שפּרינגען אַרום, אָדער שפּיע־לען אין קוגלען און דער צעהן־יאָהריגען אַלטער קאַליקע זיצט און קוקט. ווער ווייס, אפשר זיצט ער און פרעהט זיך פון עפּעס, אפשר האָט ער אַ ליאַלקע דאָרט אין אַלקער אויף'ן הינטער־הויף, אַ פּאַיאַץ, אָדער אַ דריידעל. אפשר האָט ער נאָך ניט אַלץ פערלוירען אין זיין לעבען, און ס'איז נאָך דאָ אַ האָפנונג אין זיין פערוועלקטער נשמה.

פלוצלינג ווייזט זיך פאַר איהם אַ שעהנע שלאַנקע דאַמע. ער טהוט אַ ציטער, בלייבט שטעהן. ניין, ער קען איהר ניט. זי איז אַרויס פון אַ זייטיגער גאַס און געאיילט זיך ווייטער, און זי האָט ניט קיין שירם, כאָטש דער רעגען גיסט ווי פון אַן עמער. ער האָט איהר אָנ־געיאָגט, אַ קוק געטהאָן אויף איהר און פערבייגעגאַנגען. ווי יונג און שעהן זי איז! זי איז דורכגענעצט געוואָרען, איהר איז געווען קאַלט, און ער האָט ניט געהאַט קיין מוטה צוצוגעהן צו איהר. האָט ער פער־מאַכט זיין שירם, זי זאָל ניט דאַרפען אַליין נאָר פעררעגענט ווערען. ווען ער איז אַהיים געקומען, איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט.

אויף'ן טיש איז ביי איהם געלעגען אַ בריעף, אַ קאַרטעל, אַן איינלאַדונג. די סייערס וואָלטען געווען זעהר צופריעדען, ווען ער זאָל קענען פערגעהן צו זיי מאָרגען אָוונד. ער וואָלט בעגעגענט בע־קאַנטע, צווישען זיי — צי וועט ער זיך אָנשטויסען? — וויקטאָריע'ן, די פריילין פון'ם שלאָס. אַ פריינדליכען גרוס.

ער איז אַנשלאָפען געוואָרען אויף'ן שטול. אין אַ צוויי שעה אַרום האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון קעלט. האַלב־וואַכענדיג, האַלב־שלאָפענדיג, האָט ער זיך געטרייסעלט פון קעלט, מיעד פון די אונ־גליקען פון'ם טאָג, האָט ער זיך געזעצט ביי'ן טיש און געוואָלט ענט־פערען אויף'ן קאַרטעל, אויף דער איינלאַדונג; ער האָט ניט בדעה אָנצונעהמען די איינלאַדונג.

ער האָט אָנגעשריבען אַן ענטפער און געוואָלט אַריינוואַרפען עס אין קעסטעל. פלוצלינג האָט ער זיך, אַן ערשטוינטער דערמאָנט, אַז וויקטאָריע איז אויך איינגעלאַדען. גוט, זי האָט איהם גאָרניט גע־זאָגט, זי האָט מורא געהאַט, טאָמער קומט ער, זי האָט געוואָלט בע־פרייען זיך פון איהם דאָרט, צווישען פרעמדע מענשען.

ער צורייסט זיין בריעף, שרייבט אַ נייעם און דאַנקט, ער וועט קומען. אַן אינוועניגסטע היץ מאַכט צו ציטערן זיין האַנד, אַ מאָדנע

ביטערניש פול פרייד פערכאפט איהם. פאר וואס זאל ער ניט געהן ? צו וואס בעהאלטען זיך ? באסטא.

זיין שטורמישע אויפרעגונג ווערט וואס א ווייליע גרעסער. מיט איין בעוועגונג רייסט ער אב עטליכע בלעטלעך פון זיין וואנד־קאלענדאר, און ביי איהם איז שוין מיט א וואך שפעטער. ער שטעלט זיך פאר, אז ער פרעהט זיך פון עפעס, איז פער'כשופט פון עפעס, וויל פערגניגען האבען פון דער רגע, וויל פערדרויכערן די ליולקע, זעצען זיך אויפ'ן פאטער־שטול און פרעהען זיך ; די ליולקע איז ניט אין ארדנונג, ער זוכט אומזיסט א מעסער אדער אן אייזענדעל, און פלוצלינג ברעכט ער אב א ווייזער פון'ם זייגער אין ווינקעל, אויסצורייניגען דערמיט די ליולקע. איהם איז אנגענעהם צו קוקען אויף דעם חורבן, ער לאכט אין הארצען, און ער זוכט ארום אנדערע זאכען, וואס ער זאל קענען קאליע מאכען.

די צייט געהט. אין גאנצען אן אנגעטהאנענער, אין די נאסע קליידער, ווארפט ער זיך, צום סוף, אויפ'ן בעטעל און שלאפט איין.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, איז שוין געווען שפעט. ס'האט נאך אליץ גערעגענט, אויפ'ן גאס איז געווען נאס. דער קאפ האט זיך איהם געדרעהט, שטיקלעך פון די חלומות, וואס האבען זיך איהם גע'חלומ'ט, האבען זיך אויסגעמישט מיט די נעכטיגע איבערלעבונגען ; ער האט גארניט געפיהלט קיין פיבער, פערקעהרט, די היץ איז לייכטער געווארען, ס'איז איהם געווען קיהל, ווי ער וואלט א גאנצע נאכט ארומגעגאנגען איבער א פייכטען וואלד און איצט געקומען צו א וואסער.

מ'קלאפט, דער בריעפענטרעגער ברענגט איהם א בריעף. ער עפענט איהם אויף, קוקט, לייענט, און קוים וואס ער פערשטעהט איהם. דאס איז פון וויקטאריע'ן, א בריוועל, א האלבער בויגעלע : זי האט איהם פערגעסען צו זאגען, אז היינט־ביי־נאכט וועט זי זיין ביי די סייערס ; זי וויל זיך טרעפען מיט איהם, זי וועט זיך בעסער מיט איהם דורכרעדען, וועט איהם בעטען פערגעסען אליץ, אריבערטראגען ווי א מאנסביל. זי ענטשולדיגט זיך, וואס דער פאפיר איז שלעכט. א פריינדליכער גרוס.

ער איז ארויס אין שטאדט, געפריהשטיקט, צוריקגעקומען אהיים, און צום סוף האט ער אנגעשריבען די סייערס אן אבזאג ; ער קען ניט קומען, איהם איז בעקוועמער, מארגען אוועגד, צום ביישפיעל.

דעם בריעף האָט ער אָבגעשיקט מיט א שיק־מענש.

.5

ס'איז אָנגעקומען דער הערבסט. וויקטאָריע איז אהיים געפאָהרען, און דאָס קליינע, ווייט־פערוואָרפענע געסעל האָט זיך געצויגען, ווי פריהער, מיט איהרע הייזער און שטילקייט. אין יאָהאַנעס'ס צימער האָט געברענט פייער נאַכט אויף נאַכט. אָוועגד־צייט פלעגט דער פייער זיך אָנציגדען צוזאמען מיט די שטערן און פערלעשען זיך פאַר־טאָג. ער האָט געאַרבייט און געראַנגעלט זיך, ער האָט געשריבען זיין גרויסען בוך.

ס'זענען אוועק וואָכען און חדשים; ער איז געווען אַליין און האָט קיינעם ניט געדאַרפט, צו די סייערס פלעגט ער מעהר ניט געהן. זיין פאַנטאַזיע פלעגט איהם אָפט אריינציהען אין איהר ווילדען שפיעל און אין זיין בוך פלעגען זיך אריינרייסען אונפאַסיגע איינפאַלען, דערנאָך פלעגט איהם אויסקומען צו אויסשטרייכען עס און פערוואַרפען. דאָס האָט איהם פיעל געשטערט. א פלוצלינגער גערויש אין דער נאַכטיגער שטילקייט, דאָס קלאַפּען פון א קאָטש אויף'ן גאַס האָט געקענט אַרויסרופען ביי איהם נייע געדאַנקען אָדער אראָבשלאָגען איהם פון וועג.

טרעט אָב דעם קאָטש דעם וועג, היט זיך!

פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָל מען זיך אייגענטליך היטען פאַר דעם קאָטש? ער איז פערבייגעפאָהרען, איצט איז ער אודאי שוין פערביי דעם ראָג־גאַס. ס'קען זיין, דאָרט שטעהט א מענש אָהן קליידער, אָהן א הוט, ער שטעהט, איינגעבויגען מיט'ן קערפּער פאָראויס און ער בע־געגענט די קאָטש מיט'ן קאָפּ, ער וויל, מ'זאָל איהם איבערפאָהרען, צו דריקען, טויטען. דער מענש וויל שטאַרבען, ס'איז זיין זאַך. ער פער־קנעפּעלט ניט מעהר די קנעפּ פון זיין העמדעל, און ער האָט אויפגע־הערט צו פערבינדען זיך די שיך אין דער פריה, אַלץ הענגט אויף איהם אָפען, די ברוסט זיינע איז א נאַקעטע און א דאַרע; ער מוז שטאַר־בען... דער מענש איז דערגאַנגען ביז דעם לעצטען שריט. ער האָט אָנגעשריבען א בריעף זיין חבר, א צעטעל, א קליינע בקשה. דער מענש איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזט דעם בריעף. אויף'ן בריי־וועל איז געווען א דאַטום און אַן אונטערשריפט, ס'איז אָנגעשריבען

ריכטיג און לעזבאַר, כאָטש דער, וואָס האָט דאָס געשריבען, דאַרף אין אַ שעה אַרום שטאַרבען. דאָס איז אַזוי מאָדנע. ער האָט אפילו געמאַכט דעם געוועהנליכען צוק אונטער זיין נאָמען. און אין אַ שעה אַרום איז ער געשטאָרבען.... און אָט איז אַן אַנדער מענש. ער ליגט אַליין אין אַ קליין צימערל, וואָס איז בעשלאָגען מיט האָלץ און בלויגעפאַרבט. נו, איז וואָס? גאָרניט. אין דער גאַנצער אונגעהויערגרויסער וועלט מוז ער איינער שטאַרבען; דאָס פערכאַפּט איהם, ער טראַכט דערפון, ביז ער געהט גאָר פון די כחות אויס. ער זעהט, אַז ס'איז אָוועגד, אַז אויף'ן וואַנד־זייגער איז אַכט, און ער פערשטעהט ניט, פאַרוואָס ער שלאָגט ניט. דער זייגער שלאָגט ניט. ס'איז שוין עטליכע מינוט אויף ניין, ער קלאַפּט אַלץ טיק־טאַק, ער שלאָגט אָבער ניט. אָרעמער מענש, זיין מח הויבט שוין אָן איינצושלאָפען, דער זייגער האָט געשלאָגען, און ער האָט דאָס ניט געהערט. דערנאָך מאַכט ער אַ לאָך אין פּאָרטרעט פון זיין מוטער אויף דער וואַנד, — צו וואָס דאַרף ער נאָך דעם פּאָרטרעט, און צו וואָס זאָל ער בלייבען גאַנץ נאָך איהם? זיינע מידע אויגען פאַלען אויף'ן בלומען־טאָפּ אויף'ן טיש, און ער שטרעקט אויס די האַנד און וואַרפט אַראָב דעם בלומען־טאָפּ פּאַמעלעך און פערטראַכט אויף'ן פּאָדלאָגע, ער צובּרעכט זיך. דערנאָך וואַרפט ער דורך'ן פענסטער זיין בורשטינענעם מונדשטיק. צו וואָס דאַרף ער דאָס איצט? איהם דוכט זיך, ס'איז אַזוי קלאָר, אַז ער דאַרף מעהר ניט ליגען דאָ דערנעבען. אין אַ וואָך אַרום איז דער מענש געשטאָרבען...

יאָהאַנעס שטעהט אויף און געהט אַרום הין און צוריק איבער'ן צימער. דער שכן פון אַנדערן צימער כאַפּט זיך אויף, זיין כראָפּען ווערט אַנשוויגען. מ'הערט אַ זיפץ, אַ פּיינליכער קרעכצען. יאָהאַנעס געהט צו אויף די שפּיץ פינגער צום טיש און זעצט זיך ווידער. דער ווינד פייפט אין די טאָפּאָליעס הינטער'ן פענסטער, ער ציטערט אויף. די אַלטע טאַפּאָליעס שטעהען אָהן בלעטער און זעהען אויס ווי טרויעריגע קאַליקעס; עטליכע צווייגלעך רייבען זיך אָן דער וואַנד פון הויז און סקריפּען, ווי אַ הילצערנע מאַשין, אַן אָנגעשפּאָלטענער דרעש־האַמער, וואָס אַרבייט אַלץ און אַרבייט.

ער וואַרפט אַ בליק אויף זיינע פּאַפּירען און לייענט איבער. יאַ,

זיין פאַנטאַזיע האָט איהם ווידער אַראָבגעפיהרט פון וועג. ער האָט ניט וואָס צו טהאָן מיט'ן טויט און מיט'ן קאָטש, וואָס פאָהרט פער־ביי. ער בעשרייבט אַ סאָד, דעם גרינעם, פרעכטיגען סאָד, נעבען זיין הויז, דעם שלאָס־סאָד. דאָס בעשרייבט ער. איצט איז ער טויט, אין גאַנצען פערשנייט, און דאָך בעשרייבט ער איהם, און דאָרט איז גאָר קיין ווינטער און שניי ניטאָ, נאָר פריהלינג, און אַראָמאַט, און אַ שטילער ווינטעל. און אָוועגד. אין דער נידער האָט זיך אויס־געשפרייט אַ שטילער טיעפער וואַסער, און עס איז ווי אַ ים פון בליי. עס שמעקט מיט בעז, איין לעבעדיגער פאַרקאַן נאָך אַן אַנדערן שטעהט אין בליהונג און גרינע בלעטער, און די לופט איז אַזוי שטיל, אַז מען הערט, ווי אויף דער אַנדערער זייט בוכטע קלאַפט אַן אויערהאָן. אין איינער פון די אַלעען פון סאָד שטעהט וויקטאָריע, זי איז אַליין, אין ווייסען, זי איז איצט צוואַנציג יאָהר. דאָס שטעהט זי. איהר פיגור איז העכער פון די העכסטע רויזען־קוסטען, זי קוקט אויף'ן וואַסער, אויף די וועלדער, אויף די שלעפעריגע בערג אין דער ווייטענס; זי איז ווי אַ ווייסע נשמה אין מיטען פון גרינעם סאָד. אונטען פון וועג הערען זיך טריט, זי געהט אַ ביסעל פאָראויס, צו דער בעהאַלטענער אַלטאַנע, שפאַרט זיך אָן מיט די עלענבויגען אָן וואַנד און קוקט אַראָב. דער מענש אויף'ן וועג דאָרט אונטען נעהמט אַראָב דעם הוט, לאָזט איהם אַראָב כמעט ביז צו ד'ערד און בעגריסט איהר. זי שאָקעלט מיט'ן קאָפ צוריק. דער מענש קוקט זיך אום, אויף'ן וועג איז קיינער ניטאָ, ווער ס'זאָל איהם נאָכקוקען, געהט ער צו עטליכע טריט אַרויף צום פאַרקאַן. דאַן טרעט זי אָב צוריק און שרייט: ניין, ניין! און זי מאַכט מיט'ן האַנד. וויקטאָריע, זאָגט ער, דאָס איז געוועזן אַן אייביגער אמת, וואָס איהר האָט אַמאָל געזאָגט, איך האָב ניט בע־דאַרפט דערפון חלומ'ען, דען דאָס איז אונמעגליך. יאַ, ענטפערט זי, איז וואָס דאַרפט איהר דאַן? ער איז צוגעגאַנגען צו איהר גאָר נאָ־הענט, נאָר איין וואַנד טיילט זיי אָב, און זיין ענטפער קלינגט: וואָס איך דאַרף? כ'וויל בלויז, פערשטעהט איהר מיך, שטעהן דאָ אַ מי־נוט. דעם לעצטען מאָל. איך וויל צוגעהן צו אייך וואָס נעהנטער; איצט שטעה איך ניט ווייט פון אייך! זי שווייגט. ס'געהט אַריבער אַ מינוט. אַ גוטע נאַכט, זאָגט ער און ווידער נעהמט ער אַראָב העם

הוט כמעט ביז צו דר'ערד. א גוטע נאכט, ענטפערט זי. און ער געהט אוועק, ניט אומקוקענדיג זיך אויף צוריק.....

וואס האט ער צו טהאן מיט טויט? ער צוקנייטשט דעם פערשריבענעם בלאט און ווארפט איהר אריין אין אויווען. דארט ליגען נאך אנדערע בלעטער, וואס מען דארף פערברענען, הוילע, פוסטע שפיעל פון דער פאנטאזיע, וואס איז ארויס פון צאם. און ער שרייבט ווידער וועגען דעם מענש אויף'ן וועג דארט אונטען, וועגען דעם בלאנדזשענדיגען הערר, וואס האט זיך פערנייגט און געזעגענט, ווען זיין מינוט האט זיך געענדיגט. און אין סאד איז געבליבען די יונגע מיידעל, זי האט געטראגען א ווייסע קלייד, און איז אלט געווען צוואנציג יאהר. זי האט איהם ניט געוואלט נעהמען; ניין און ניין. נור ער איז געשטאנען ביי'ן וואנד, הינטער וועלכער זי האט געוואוינט. אזוי נאהענט פון איהר איז ער געווען אמאל.

ווידער זיינען אוועק וואכען און חדשים, און ס'איז געקומען דער פריהלינג. קיין שניי איז מעהר ניט געווען, ווייט אין'ם רוים איז געשטאנען דער רויש פון די וואסערן, וואס זענען ווי בעפרייט געווארען, פון דער זון ביז דער לבנה. ס'זענען געקומען צופליהען די שוואלבען, און אין וואלד הינטער'ן שטאדט האט ערוואכט א פריידיג לעבען פון אלערליי שטיפענדיגע חיות, און פויגעל מיט אונפערשטענדליכע לשונות. א פרישער און שארפער ריח האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד.

זיין ארבייט האט זיך געצויגען א גאנצען ווינטער. ווי א צורשפיעל, האבען די טרוקענע צווייגען פון די טאפאליעס געריבען זיך אן וואנד טאג און נאכט; איצט איז געקומען דער פריהלינג, אויס שטורם־ווינדען, און דאס טרוקענע סקריפען האט אויפגעהערט.

ער עפענט אויף דעם פענסטער און קוקט ארויס, אויף'ן גאס איז שוין שטיל, כאטש ס'איז נאך ניט האלבע נאכט, שטערן שיינען אויף'ן ניט־פערוואלקענטען הימעל, א סימן, אז מארגען וועט זיין א ווארעמער, שעהנער וועטער. ער הערט דעם שטאדטישען רויש, וואס גיסט זיך צונויף מיט די אייביגע קולות פון דער ווייט. פלוצלינג דערהערט זיך א שארפער פייף פון א לאקאמאטיוו, דאס איז א סיגנאל פון'ם נאכט־צוג; ער הילכט אב, ווי דאס איינזאמע קרעהען

פון אַ האָהן אין אַ שטילער נאַכט. איצט איז צייט ווידער נעהמען זיך פאַר דער ארבייט, דער פייף איז פאַר איהם געוועזן ווי אַ צורוף דעם גאַנצען ווינטער.

און ער מאַכט צו דעם פענסטער און זעצט זיך ווידער צום טיש. ער פערוואַרפט די ביכער, וואָס ער האָט געלעזען, און נעהמט ארויס פאַפיר, ער כאַפּט זיך פאַר'ן פעדער.

איצט איז זיין גרויסע ארבייט שוין כמעט געענדיגט, ס'פעהלט נאָר אַ שלוס־קאַפּיטעל, אַ בעגריסונג פון דער אָבפאָהרענדער שיף, ער האָט איהם שוין פאַרטיג אין קאָפּ.

אָט זיצט זיך אַ הערר אין אַ האָטעל אונטערוועגענס, ער פאָהרט דאָרט פערביי, און פאָהרען פאָהרט ער ווייט, ווייט אין דער וועלט. זיינע האָר און באָרד זיינען גרוי, און פיעל יאָהרען האָט ער דורכגע־לעבט; נאָר ער איז נאָך געזונד און שטאַרק, און איז קוים אַזוי אַלט ווי ס'דוכט זיך. דרויסען שטעהט זיין בריטשקע, די פערד רוהען אָב, דער קוטשער איז פרעהליך און צופריעדען; ווייל ער האָט גע־קראָגען וויין און עסען פון'ם גאַסט. ווען דער הערר האָט פערשריבען זיין נאָמען, דערקענט איהם דער בעל־הבית און בעגריסט איהם און נעהמט איהם צו מיט גרויס כבוד. ווער וואוינט איצט אין שלאָס? פרעגט דער הערר. דער בעל־הבית ענטפערט: אַ קאַפּיטאַן; ער איז זעהר רייך; די פרוי איז זעהר גוט צו אַלעמען. צו אַלעמען? פרעגט דער הערר און שמייכעלט מאָדנע, אפילו צו מיר? און דער הערר זעצט זיך און שרייבט, און אָנשרייבענדיג, לעזט ער איבער דעם פאַ־פיר, דאָס איז אַ ליעד, אַ פערטרויערטע און רוהיגע, נאָר מיט פיעל ביטערע ווערטער. נאָר דערנאָך צורייסט ער דעם פאַפּיר אויף שטיק־לעך, זיצט ווייטער און רייסט דעם פאַפּיר אויף נאָך קלענערע שטיקלעך. דאַמאָלס קלאַפּט מען אָן ביי איהם אין טיהר, און ס'געהט אריין אַ פרוי אָנגעטהאָן אין געלען. זי הויבט אויף די וואוּאַל, דאָס איז די ווירטהין פון שלאָס, פרוי וויקטאָריע. זי איז שעהן, ווי אַ קעניגין. דער הערר גיט זיך אַ הויב פון שטוהל, זיין טריבע נשמה ווערט די רגע ווי בעלויכטען פון אַ פּלוצלינגען נאַכטיגען פייער.— איהר זייט אַזוי גוט צו אַלעמען, רעדט ער מיט ביטערניש, איהר קומט אפילו צו מיר. זי ענטפערט ניט, זי שטעהט נאָר און קוקט איהם אָן, און אַ געדיכטע רויטקייט צופלאַמט איהר פנים. וואָס ווילט איהר? פרעגט ער מיט

דער פריהערדיגער ביטערניש; איהר זענט געקומען דערמאנען מיר דאס פערגאנגענע? אויב אזוי, איז עס דעם לעצטען מאל, גנעדיגע מאַדאם, איצט פאהר איך אוועק אויף אייביג. און די יונגע ווירטהין פון שלאס ענטפערט אלץ ניט, נאר די ליפען איהרע ציטערן. ער זאגט: פאר אייך איז דאס ניט גענוג, וואס כ'האב אמאל ענטפלעקט פאר אייך מיין משוגעת, הערט־זשע זיך איין, איך טהו דאס נאכאמאל; מיין הארץ האט זיך געריסען צו אייך, איך בין אייך ניט ווערט געוועזן, איצט זייט איהר צופריעדען? ער רעדט ווייטער, און זיין היץ ווערט וואס אמאל גרעסער; איהר האט מיר געענטפערט — ניין, איהר האט גענומען אן אנדערן; איך בין געוועזן א פויער, א בער, א ווילדער, וואס האט פערבלאנדזשעט אין די יונגע יאהרען אין פערבאטענעם קעניגליכען גארטען. נאר דא איז דער הערר אנידערגעפאלען אויף'ן שטול, און ער יאמערט, ווען ער בעט זיך: אך, געהט אוועק! פערצייהט מיר, געהט זיך אייער וועג! האט זיך די גאנצע רויטקייט אבגעטהאן פון דער ווירטהין'ס פנים. און זי רעדט, און די ווערטער רעדט זי ארויס אזוי פאמעלעך און אזוי דייטליך: כ'האב אייך ליעב; פערשטעהט מיך, ענדליך, נאר אייך האב איך ליעב. זייט געזונד! — און די יונגע ווירטהין פון שלאס האט פערשטעלט דעם פנים מיט די הענד און איז גיך ארויס דורך'ן טיהר...

ער לעגט אוועק די פעדער און פערוואַרפט דעם קאפ אויף צוריק. יא, פונקט, ענדע. פאר איהם איז געלעגען א בוך, אלע פערשריבענע בלעטער, די ארבייט פון ניין חדשים! א ווארעמע צופריעדענהייט לעבט אויף אין איהם, דען זיין ווערק איז געענדיגט. און בשעת ער זיצט זיך אזוי און קוקט אין פענסטער, אין וועלכען ס'גרויט זיך דער טאג, רוישט עס און קלאפט אין זיין קאפ, און זיין גייסט ארבייט ווייטער. ער איז פול שטימונג, זיין מח איז ווי א ניט־בעארבייטער ווילדער סאד, וואו ס'הויבט זיך א פארע פון דער ערד.

אויף א סודות'פולען וועג האט ער אריינגעדרונגען אין א טיעפען אבגעשטארבענעם טהאל, וואו ס'איז ניטא קיין לעבעדיגע זאך. אין דער טיעף, אן איינזאמע און פערלאזענע, שטעהט אן ארגעל און שפיעלט, ער געהט צו נעהנטער, בעטראכט איהר, די ארגעל בעגיסט זיך מיט בלוט, פון איין זייט איהרע פליסט בלוט בשעת זי שפיעלט. דערנאך — קומט ער ארוים אויף'ן מארק. אלץ איז דארט וויסט,

קיין איין בוימעל זעהט זיך ניט און קיין קלאַנג הערט זיך ניט, דאָס איז ניט מעהר ווי א וויסטער מאַרק. נאַר אויף'ן זאַמד — צייכענס פון א מענשען'ס שיך, און אין דער לופט, דוכט זיך, שטעהען די לעצ־טע ווערטער, וואָס מען האָט געזאָגט אויף דעם אָרט, אזוי ניט לאַנג איז דער אָרט פערלאָזען געוואָרען. א מאָדנע געפיהל בעפאַלט איהם, אָט די ווערטער, וואָס זענען געבליבען הענגען אין דער לופט איבער'ן מאַרק, לאָזען איהם ניט רוהען, דערנעהנטערען זיך, שטיקען איהם. ער שטויסט זיי אָב פון זיך, זיי קומען צוריק, דאָס איז ניט — ווערטער, דאָס זענען זקנים, א מחנה טאַנצענדיגע זקנים; איצט זעהט ער זיי! פאַרוואָס טאַנצען זיי, און פאַרוואָס טאַנצען זיי גאַר אָהן פרייד? פון דעם קאַראַהאָד פון די זקנים וועהט עס מיט קעלט, זיי זעהען איהם ניט, זיי זענען בלינד, און ווען ער שרייט צו זיי, הערען זיי איהם ניט, דען זיי זענען טויט. ער געהט צו מזרח־זייט, אַנטקעגען דער זון, ער קומט צו צו א באַרג. עפּעס א שטימע רופט: דו ביזט ביי א באַרג? יא, ענטפערט ער, איך שטעה ביי א באַרג. דאַמאָלס שרייט די שטימע: דער באַרג, ביי וועלכען דו שטעהסט, איז מיין פוס, איך בין געבונדען, איך ליג אויף עק וועלט, קום בעפריי מיך! לאָזט ער זיך אויף עק וועלט. ערגעץ־וואו ביי א בריק שטעהט א מענש און וואַרט איהם אָב, ער קלייבט צונויף שאָטענס; דער מענש פון מוסקוס. א פראָסט לויפט דורך זיין לייב פון שרעק, ווען ער דערזעהט דעם מענש, וואָס וויל ביי איהם אָבנעהמען דעם שאָטען. ער שפּייט אויף איהם און סטראַשעט מיט צונויפגעדריקטע פויסטען; נאַר אונבעוועגליך שטעהט דער מענש און וואַרט איהם אָב. קעהר זיך אום! שרייט א שטימע הינטער איהם. ער דרעהט זיך אום און זעהט א קאָפּ, וואָס קוילערט זיך פאַר איהם און ווייזט דעם וועג. דער קאָפּ איז א מענשי־שער, און וואָס א ווײַלע טהוט ער שטיל און שוויינענדיג א שמייכעל. ער געהט נאָך דעם קאָפּ. דער קאָפּ קוילערט זיך טעג און נעכט, און ער געהט איהם נאָך; ביי'ם ברעג פון ים שפּאַלט זיך די ערד הינ־טער דעם קאָפּ, און ער פערשווינדט. ער געהט צופוס אין ים אריין און טרינקט זיך. ער שטעהט ביי א שוואַרער טיהר, און בעגעגענט א גרויסען, בילענדיגען פיש. אויף'ן האַלז האָט ער א גריווע, און ער בילט ווי א הונד. הינטער'ן פיש שטעהט וויקטאָריע. ער שטרעקט אויס די הענד צו איהר. זי איז גאַר אָהן קליידער, זי שמייכעלט צו

איהם, און אין איהרע האָר אָטהעמט אַ שטורם. דאַמאָלסט רופט ער איהר, ער הערט אַליין זיין אייגענע שטימע און ער כאַפּט זיך אויף.

יאָהאַנעס שטעהט אויף און געהט צו צום פענסטער. ס'איז שוין במעט ליכטיג. און אין קליינעם שפּיגעלע נעבען פענסטער זעהט ער, אַז די שלייפען זענען ביי איהם רויט. ער לעשט אויס די לאָמפּ און לעזט נאָכאַמאָל איבער אין'ם גרויען ליכט פון טאָג די לעצטע בלאַט פון זיין בוך. דערנאָך לייגט ער זיך.

דעם זעלבען טאָג, פאַרנאַכט, האָט יאָהאַנעס בעצאָהלט פאַר זיין צימער; האָט אָבגעגעבען זיין מאַנוסקריפּט און פערלאָזען די שטאָדט. ער איז געפאָהרען נאָך אויסלאַנד, קיינער האָט ניט געוואוסט, וואוהין.

.6

דער גרויסער בוך איז אַרויס, אַ גאַנצע קעניגרייך, אַ קליינע רוי־שענדיגע וועלט פון שטימונגען, שטימען און זעהונגען. מען האָט עס געקויפט, איבערגעלייענט און אוועקגעלעגט. ס'געהט פערביי אַ פּאָר חדשים; ווען ס'איז געוואָרען הערבסט, האָט יאָהאַנעס אַרויסגעוואָר־פען אַ נייעם בוך. און וואָס? מיט אַמאָל איז זיין נאָמען געוועזען אויף אַלעמענס ליפּען, גליק האָט איהם בעלייט, דעם נייעם בוך האָט ער אָנגעשריבען אין דער ווייטענס, ווייט פון די געשעהענישען אין זיין היימאַט, און געוועזען איז ער שטיל און שטאַרק, ווי וויין.

טייערער לעזער, אָט איז אַ מעשה וועגען דידריק'ן און איסע־לינע'ן. אָנגעשריבען אין אַ גוטער צייט, אין טעג פון קליינע זאָרגען, ווען אַלץ איז געוועזען לייכט אַריבערצוטראָגען, אָנגעשריעבען מיט'ן טיעפסטען מיטגעפיהל צו דידריק'ן, וואָס גאָט האָט איהם מיט ליעבע געשטראָפט...

יאָהאַנעס איז געוועזען אין פרעמדע לענדער, קיינער האָט ניט גע־וואוסט וואו. און ס'איז אַוועק מעהר ווי אַ האַלב יאָהר ביז עמיץ איז דאָס געוואָהר געוואָרען.

— מיר דוכט, מ'קלאַפּט אין טיהר — האָט געזאָגט דער מילנער איינמאָל אָוועגדצייט.

און זיין ווייב און ער הערען זיך איין און זיצען שטיל.

— ניין, גאָרניט — זאָגט זי דערנאָך; — צעהן אזייגער, באַלד נאַכט. ס'געהט איבער אַ פּאָר מינוט.

דאַן קלאַפּט מען הויך און דייטליך אין טיהר, גלייך עמיץ האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און טהוט עס. דער מילנער עפענט. היג־טער'ן טהיר שטעהט די פריילין פון שלאָס.

— אָ, זייט ניט אין כעס, דאָס בין איך — זאָגט זי און שמייכעלט שרעקעדיג. זי געהט אריין; מ'דערלאַנגט איהר אַ שטול, זי זעצט זיך אָבער ניט. זי האָט נאָר אַ שאַל אויף'ן קאָפּ, און אויף די פיס קליינע, לייכטע שיכלעך, כאָטש ס'איז נאָך ניט פריהלינג און די וועגען זענען ניט אויסגעטריקענט.

— כ'האָב נאָר געוואָלט אייך אָנזאָגען, אַז פריהלינג־צייט קומט דער לייטענאַנט — זאָגט זי — דער לייטענאַנט, מיין געליעבטער. ער וועט מסתמא דאָ געהן אין וואַלד שיסען וואַלדשנעפּעס. דאָס האָב איך אייך געוואָלט אָנזאָגען, איהר זאָלט זיך ניט איבערשרעקען.

דער מילנער און זיין פרוי קוקען פערוואונדערטע אויף דער פריי־לין פון שלאָס. מ'האָט זיי קיינמאָל ניט אָנגעזאָגט, ווען די געסט פלעגען געהן אויף יאַגד אין וואַלד און אויף די פעלדער. ה כ נ ע ה'־דיג דאַנקען זיי איהר.

וויקטאָריע געהט צום טיהר.

— דאָס איז אַלץ, וואָס כ'האָב געוואָלט. כ'האָב געקלערט, איהר זענט מענשען אַלטע, שאַדט ניט אייך אָנצוזאָגען.

דער מילנער ענטפערט:

— און די פריילין איז אַזוי גוט געווען! און איצט האָט די פריי־לין איינגענעצט די קליינע שיכלעך.

— ניין, דער וועג איז טרוקען — האָט זי געענטפערט — כ'בין דאָ סיי ווי סיי פערבייגעגאַנגען. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

זי הויבט אויף די קליאַמקע און געהט אוועק. נאָר אָט קעהרט זי זיך אום אין טיהר און זאָגט:

— אמת, אַז יאָהאַנעס, — איהר הערט פון איהם?

— ניין, גאָרניט; אַ דאַנק, וואָס איהר פרעגט זיך נאָך. גאָר־ניט.

— ער וועט דאָך גיך צוריקקומען. כ'האָב געמיינט, איהר האָט ידיעות.

— ניין, פון פאַר־אַ־יאָהרען פריהלינג. מ'זאָגט, יאָהאַנעס איז אין דער פרעמד.

— יאָ, אין דער פרעמד. ס'איז איהם גוט דאָרט. ער שרייבט אַליין, אַז ער לעבט איבער טעג פון קליינע זאָרגען. הייסט עס, ס'איז איהם גוט דאָרט.

— יאָ, יאָ, איין גאָט ווייס. מיר וואַרטען אויף איהם, נאָר ער שרייבט אונז ניט, קיינעם ניט. מיר וואַרטען נאָר אויף איהם.

— איהם איז דאָך בעסער, דאָרט וואו ער וואוינט, אויב ער האָט אַזעלכע קליינע זאָרגען. דאָס איז אַזוי זיך. כ'האָב נאָר געוואָלט וויסען, צי וועט ער צוריקקומען פריהלינג־צייט. נאָכאַמאָל אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

דער מילנער און זיין פרוי געהען מיט איהר אַרויס פון הויז. זיי זעהען, ווי זי דרעהט זיך אוים אויף'ן וועג צום שלאָס, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, טרעטענדיג מיט די קליינע שיכלעך אין קאָלאָזשעס פון בלאָטע אויף'ן נאַסען וועג.

אין צוויי טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ בריעף פון יאָהאַנעס'ן. ער קעהרט זיך אום אַהיים; אַזוי אין אַ חדש אַרום, ווען ער וועט האָבען גענענדיגט נאָך איין נייעם בוך. פאַר דער גאַנצער לאַנגער צייט האָט ער געלעבט זעהר גוט, די נייע אַרבייט וועט ער גיך ענדיגען, דאָס לעבען פון דער וועלט האָט זיך רוישיג געטראָגען אין זיין מח...

דער מילנער געהט אין שלאָס. אויף'ן וועג געפינט ער אַ נאָזטיכעל מיט וויקטאָריע'ס אויסגענעהטע צייכען, זי האָט עס פערלוירען אייערנעכטען אויף דער נאַכט.

די פריילין איז אויבען, נאָר איינע פון די דיענסטען נעהמט זיך אונטער איבערצוגעבען, וואָס איז, — אין וואָס געהט עס?

דער מילנער זאָגט זיך אָב. ער וועט ליבערשט וואַרטען.

ענדליך קומט די פריילין.

— כ'האָב געהערט, איהר ווילט מיט מיר רעדען? — פרעגט זי און עפענט די טיהר אין צווייטען צימער.

דער מילנער געהט אריין, גיט אַב די טיכעל און זאָגט:

— און מיר האָבען ערהאַלטען א בריעף פון יאָהאַנעס'ן.

א פריידיגע איפרעגונג האַט אויפגעבליצט אויף איהר געזיכט, א רגע, א קורצע רגע. זי ענטפערט:

— א דאַנק אייך. יא, די טיכעל איז מיינע.

— איצט פאָהר ער ווידער אהיים — זאָגט ווייטער דער מילנער במעט שעפטשענדיג.

איהר פנים נעהמט אָן א קאַלטען אויסדרוק.

— רעדט הויך, מעללער; ווער פאָהרט? — ענטפערט זי.

— יאָהאַנעס.

— יאָהאַנעס. נו, איז וואָס?

— גאָרניט... מיר האָבען געמיינט, איך דאַרף אייך דאָס זאָגען. מיר האָבען וועגען דעם גערעדט, מיין פרוי און איך, און זי האָט אויך געמיינט אזוי: אייערנעכטען אויף דער נאַכט האָט איהר זיך נאָכגעפרעגט, צי וועט ער צוריקקומען דעם פריהלינג. יא, ער וועט צוריקקומען.

— דאָס פרעהט אייך? — זאָגט די פריילין — ווען־זשע וועט ער צוריקקומען?

— אין א חדש ארום.

— אזוי. און מעהר גאָרניט?

— ניין. מיר האָבען פשוט געמיינט, אז אויב איהר האָט געפרעגט... ניין, מעהר גאָרניט. נאָר דאָס אליין.

דער מילנער רעדט ווידער נידעריג.

זי בעגלייט איהם צום טיהר. ביי'ן ארויסגאַנג בעגעגנען זיי איהר פאָטער, און זי זאָגט איהם פערבייגעהענדיג, הויך און גלייכגילטיג:

— דער מילנער דערצעהלט, אז יאָהאַנעס קומט ווידער אהיים. געדענקסט דאָך יאָהאַנעס'ן?

און דער מילנער געהט ארויס פון שלאָס און גיט זיך א וואָרט מעהר קיינמאָל ניט צו זיין אזוי נאַריש און פאָלגען דער ווייב, ווען איהר וועט זיך פערגלוסטען, צו פערשטעהן פערבאָרגענע זאַכען. אזוי וועט ער איהר טאַקע זאָגען.

.7

די דינע ריאבינע נעבען דער מיהל־גרעבליע האָט ער אַמאָל גע־וואָלט אָבשניידען פאַר א ווענדקע; איצט איז פערביי א סך יאָהרען, און דאָס בוימעל איז געוואָרען דיקער פון זיין האַנד. ערשטווינט האָט ער דערויף א קוק געטהאָן און איז אַוועק ווייטער.

אין דער לענג פון קוואַל האָט נאָך אַלץ געבליהט א געדיכטער פאַרן־וואַלד, א גאַנצער וואַלד, און אין מיטען האָבען די בהמות דורכ־געטראָטען זיך שטעגען מיט געוועלבטע דעכלעך פון פאַרן־בלעטער איבער זיי.

ער האָט זיך דורכגעדראפּעט דורך דער געדיכטניש, ווי אין די קינדהייטס־טעג, שווימענדיג מיט די הענד און זוכענדיג דעם וועג מיט די פיס. אַלערליי פליגען און ווערים זענען זיך צולאָפען פאַר דעם גרויסען מענשען.

אין דער הויך, נעבען דער שטיינהאַקעריי, האָט ער געפונען א דאָרנבויש, ווינד־רויזען און פיאלקעס. ער האָט אָנגעריסען א ביסעל בלומען, זייער בעקאַנטער ריח האָט איהם גערופען צוריק, צו די טעג, וואָס זענען פערגאַנגען. אין דער ווייטענס האָבען זיך געבלויט די בערגלעך פון דעם שכנ׳ישען דערפעל, און אויף דער אַנדער זייט וואַסער קוקוקעט די קוקאַווקע.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט; אין א ווייל ארום האָט ער זיך אָנגעהויבען צוזינגען. האָט ער דערהערט טריט אויף׳ן שטעג דאָרט אונטען.

ס׳איז געווען אָוועגד־צייט, די זון איז שוין פערגאַנגען; נאָר די וואַרעמקייט האָט נאָך אַלץ געציטערט אין דער לופט. איבער וועלדער, בערג און וואַסערען האָט זיך געלעגט אַן אונענדליכע רוה. אין דער הויך צו דער שטיינהאַקעריי איז געגאַנגען א פרוי. דאָס איז געווען וויקטאָריע. זי איז געגאַנגען מיט א קאָשיק.

יאָהאַנעס איז אויפגעשטאַנען, בעגריסט איהר און געוואָלט אַוועקגעהן.

— כ׳האָב אייך ניט געוואָלט שטערען — האָט זי געזאָגט. כ׳האָב געוואָלט אָנקלייבען א ביסעל בלומען.

ער האָט ניט געענטפערט. און ס׳איז איהם ניט איינגעפאַלען, אז ביי איהר אין גאָרטען זענען אַלע בלומען פון דער וועלט.

— כ'האָב מיטגענומען אַ קאַשיק, אויף צו קלייבען בלומען — האָט זי וויטער געזאָגט — נאָר מיר דוכט, אז כ'וועל ניט געפינען קיין איינע. מיר דאַרפען בלומען פאר די געסט. ביי אונז וועלען זיין געסט.

— דאָ זענען פאַראַן ווינד־רויזען און פיאַלקעס — האָט ער גע־זאָגט. אביסעל העכער וואַקסט געוועהנליך האָפּען. יאַ, ס'איז אָבער נאָך צו־פריה אוודאי.

— איהר זענט איצט בלייכער ווי אַמאָל — בעמערקט זי איהם — שוין מעהר ווי צוויי יאָהר אוועק. כ'האָב געהערט, איהר זענט גע־ווען אין דער פרעמד, כ'האָב געלייענט אייערע ביכער.

ער האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט. איהם איז איינגעפאַלען, אַז ער וואָלט אפשר בעדאַרפט זאָגען: יאַ, אַ פיינער אָוועגד, פריילין! און אוועקגעהן. פון'ם אָרט, וואו ער איז געשטאַנען, איז געווען איין טריט ביז צום נאָהענסטען שטיין, פון דאָרט נאָך איין טריט צו איהר, האָט ער געקענט אוועקגעהן, גלייך ווי ס'וואָלט געשעהן אליין פון זיך. זי איז געשטאַנען גראַד אויף זיין וועג. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין געלען און אַ הוט האָט זי געטראָגען אַ רויטע, זי איז געווען רעטזעל־האַפט און שעהן; דער האַלז איז ביי איהר געווען אָפען.

— איך שטער אייך אַראָבגעהן — האָט ער געמורמעלט, און איז אַראָב אונטען. ער האָט געזועהן צו האַלטען זיך אין די הענד, כדי ניט אַרויסצואווייזען זיין אויפרעגונג.

איצט איז געבליבען איין טריט צווישען זיי. זי האָט ניט אָבגע־טראָטען דעם וועג, ער זאָל קענען דורכגעהן, נאָר זי איז נאָך אַלץ גע־שטאַנען. זיי האָבען איינער דעם אַנדערן געקוקט אין פנים. מיט אַמאָל איז זי שטאַרק רויט געוואָרען, זי האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען און איז אוועק אין אַ זייט; דער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז גע־ווען אונבעשטימט, זי האָט אָבער געשמייכעלט.

ער איז פערבייגעגאַנגען פאר איהר און אָבגעשטעלט זיך, איהר טרויעריגער שמייכעל האָט איהם פערכאַפּט ביי'ן האַרצען, און דאָס האַרץ האָט זיך ווידער געריסען צו איהר, און ער האָט געזאָגט דאָס ערשטע, וואָס איז איהם נאָר איינגעפאַלען.

— איהר זענט געווים פיעל מאָל געווען אין שטאָדט זינט אַ־

מאָלסט? נאָך דעם? איצט ווייס איך, וואו ס'זענען געוואקסען די בלומען אמאָליגע צייטען: אויף'ן בערגעל, נעבען אייער פּאָהן.

זי האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהם, האָט ער אַן ערשטוינטער בעמערקט, אַז איהר געזיכט איז בלייך און אויפגערעגט.

— איהר ווילט קומען צו אונז אויף אַן אָוועגד? — האָט זי געזאָגט — אויב איהר ווילט נאָר קומען צו אַ באַל? ביי אונז וועט זיין אַ באַל — האָט זי ווייטער געזאָגט; און ווידער האָט איהר פּנים זיך גערויטעלט. — ס'וועלען זיין געסט פון שטאָדט. דאָס וועט זיין אין גיכען, נאָר איך וועל אייך אָנזאָגען גענויער. וואָס זאָגט איהר?

ער האָט ניט געענטפערט. די געזעלשאַפט איז ניט פאַר איהם, ער געהערט ניט צום שלאָס.

— איהר דאַרפט ניט זאָגען „ניין“. איהר וועט זיך ניט לאַנגווייי־לען, איך האָב שוין געטראַכט דערפון, כ'האָב פאַר אייך אַ סורפּריז. שטילשווייגען.

— איהר קענט מיך שוין מעהר ניט ערשטוינען — האָט ער געענטפערט.

זי האָט זיך געביסען די ליפּ; אַ שמייכעל פון יאוש האָט דורכגעשוועבט איהר פּנים.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָט זי אָהן קלאַנג געפרעגט.

— איך וויל פון אייך גאָרניט, פרייילין וויקטאָריע. כ'בין דאָ געזעסען אויף'ן שטיין. כ'האָב געוואָלט אָוועקגעהן.

— אָ, יאָ, כ'בין געגאַנגען אַהיים, אַ גאַנצען טאָג בין איך דאָ ארומגעגאַנגען, און פערבלאָנדזשעט אַהער. כ'וואָלט געקענט געהן מיט'ן טייכעל, מיט'ן אנדערן וועג, וואָלט איך ניט געקומען....

— טייערע פרייילין, דאָס — איז אייער אָרט, ניט מיינער.

— איינמאָל האָב איך אייך וועה געטהאָן, יאָהאַנעס, כ'וואָלט דאָס געוואָלט פערגלעטען, פעררעכטען. מיר דוכט, כ'קען אייך ווירקליך ערשטוינען... דאָס הייסט, איך האָף, ס'וועט אייך פרעהען. מעהר קען איך ניט זאָגען. נאָר כ'וואָלט אייך געבעטען פערגעהן צו אונז דעם מאָל.

אויב דאָס קען אייך אָנטהאָן אַ פערגעניגען, וועל איך קומען.

— איהר וועט קומען?

— יאָ, אַ דאַנק פאַר אייער ליעבליכקייט.

ער איז אַראָב אונטען אין וואַלד, אויסגעדרעהט זיך און געקוקט צוריק.

זי האָט זיך געזעצט; דער קאָשיק איז געשטאַנען דערנעבען. ער איז אַהיים געגאַנגען, נאָר ער האָט זיך ווייטער ארומגעדרעהט הין און צוריק אויפ'ן וועג. טויזענדער געדאַנקען האָבען זיך געראַנגעלט אין איהם. אַ סורפּריז? זי האָט דאָס געזאָגט ערשט, נאָר ניט לאַנג, איהר שטימע האָט געציטערט. אַ הייסע געהוועזע פרייד גליהט אין זיין האַרץ. זיין האַרץ שלאָגט שטאַרק—שטאַרק. און ער פיהלט, ווי ער הויבט זיך אויף הויך איבער'ן וועג, אויף וועלכען ער געהט. איז עס דען ניט מעהר ווי אַ צופאַל, וואָס זי איז אויך היינט אין געלען? ער האָט געזעהן איהר האַנד, אויף וועלכער ס'איז אַמאָל געוועזען דער רינג, — איצט איז קיין רינג ניט געוועזען.

ס'געהט אַריבער אַ שעה. דער רויכיגער נעבעל, וואָס הויבט זיך פון וואַלד און פון דער ערד, האָט איהם פערהילט, האָט דורכגענומען זיין אָטעהם, זיין האַרץ. ער האָט זיך געזעצט, געלעגט זיך אויפ'ן רוקען, די הענד צונויפגעלעגט הינטער'ן קאָפּ און צוגעהערט זיך לאַנג צו דער שטימע פון דער קוקאַווקע אויף דער אַנדער זייט וואַסער. דאָס ליידענשאַפטליכע זינגען פון די פויגעל האָט געציטערט אין דער לופט אַרום.

האָט ער דאָס נאָכאַמאָל איבערגעלעבט? ווען זי איז געגאַנגען צו איהם אַרויף אין דער שטיינהאַקעריי אין איהר געלען קלייד און פּורפּור־רויטען הוט, האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ פלאַטערענדע זומער־פויגעלע, וואָס פליהט פון שטיין צו שטיין און בלייבט שטעהן נעבען איהם. „איך האָב אייך ניט געוואָלט שטערען", האָט זי געזאָגט און געשמייכעלט; איהר שמייכעל איז געוועזען אַ פּורפּורנער, דער גאַנצער פּנים האָט געלויכטען, זי האָט פאַנאַנדערגעשאָטען שטערן. אַ פּאָר צאַרטע, בלויע אָדערלעך האָבען זיך אָנגעזעהן אויף איהר האַלז, אַ פּאָר זומער־שפּרינקלעך אונטער די אויגען האָבען געגעבען איהר גע־זיכט אַ וואַרעמע פאַרב. איהר איז שוין דער צוואַנציגסטער זומער.

אַ סורפּריז? וואָס האָט זי אין זינען? אפשר האָט זי איהם געוואָלט ווייזען זיינע ביכער, אַוועקלעגען פאַר איהם אָט די צוויי, דריי בענדלעך און דערפרעהען איהם דערמיט, וואָס זי האָט זיי אַלע געקויפט און צושניטען? יא, אַ ביסעלע אויפמערקזאַמקייט און

צערטליכע ווערטער פון טרויסט. ניט פערשעהמט מיין קליינע מתנה!

ראש האָט ער זיך אויפגעשטעלט און איז געשטאַנען. וויקטאָריע איז צוריקגעגאַנגען, איהר קאָשיק איז געווען לעדיג.

— איהר האָט ניט געפונען קיין בלומען? — האָט ער צושטרייט געפרעגט.

— ניין, כ'האָב עס געוואָרפען. כ'האָב צומאָל ניט געזוכט, כ'בין אזוי געזעסען דאָרט.

ער האָט געזאָגט:

— דערווייל געדענק איך נאָך; איהר דאַרפט נאָר ניט טראַכטען, אז איהר האָט מיר וועה געטהאָן. איהר האָט ניט וואָס צו פערגלעטען מיט ליבליכע טרויסט־ווערטער.

— אָבער ניין — ענטפערט זי, אַ צומישטע. זי האָט געטראַכט, געקוקט אויף איהם און איבערלעגט זיך. — ניין. מיר האָט זיך אויס־געוויזען, אז יענעם מאָל... איך וואָלט ניט געוואָלט, איהר זאָלט די גאַנצע צייט אין כעס זיין אויף מיר פאר דעם, וואָס איז געשעהן.

— ניין, כ'בין אויף אייך ניט אין כעס.

זי טראַכט נאָך אַ ביסעל צייט. פלוצלינג גלייכט זי זיך אויס.

— נו, איז גוט — זאָגט זי— ניין, כ'האָב טאַקע געדאַרפט וויסען.

דאָס האָט ניט געלאָזען אזא איינדרוק. יא, יא, מעהר לאָמיר דערפון ניט רעדען.

— יא, לאָמיר ניט רעדען. מיינע איינדרוקען זיינען ביי אייך גלייכגילטיג. איצט, גלייך ווי אמאָל.

— זייט געזונד — זאָגט זי — זייט געזונד, דערווייל.

— זייט געזונד — ענטפערט ער.

זיי זענען אוועק, יעדער זיין וועג. ער האָט זיך אָבגעשטעלט און זיך אומגעקוקט. איצט איז זי געגאַנגען דאָרט, ער האָט אויסגע־שטרעקט די האַנד און געשעפּטשעט, גערעדט פאר זיך צאַרטע ווער־טער: איך בין ניט אין כעס אויף אייך, ניין, ניין, ניט אין כעס; כ'האָב אייך נאָך אַלץ ליעב, ליעב...

— וויקטאָריע! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

זי האָט געהערט, האָט אַ ציטער געטהאָן און אומגעקוקט זיך, נאָר זי איז ווייטער געגאַנגען איהר וועג.

ס'זענען אריבער עטליכע טעג. יאָהאַנעס האָט זיך אַרומגעבלאָנ־קעט זעהר אונרוהיג און האָט ניט געאַרבייט, ניט געשלאָפען; ער האָט פערבראַכט דעם גאַנצען טאָג אין וואלד. ער האָט ארויפגעקלעטערט אויף'ן משופּע'דיגען, מיט מאָסנעם בעוואקסענעם בערגעל, וואו ס'איז געשטאַנען די פאָהן פון'ם שלאָס; אויף א מאַסט־בוים האָט געפלאַ־טערט די פאָהן. אויף'ן רונדען טורם פון'ם שלאָס איז אויך געווען א פאָהן.

א מאָדנע אויפרעגונג איז איהם בעפאַלען. ס'האָבען געדאַרפט קומען געסט אין שלאָס, מ'האָט זיך געריכט אויף א יום־טוב.

ס'איז געווען א שטילער און וואַרעמער אבענד. א קוואַל איז דורכגעלאָפען, ווי א פולס, דורך דער אָנגעוואַרעמטער געגענד. צום ברעג איז שטיל צוגעפאָהרען א דאַמפּפער און האָט געלאָזען נאָך זיך אין וואַסער א פּאַכער פון ווייסע פּאַסיקלעך. פון'ם פּלאַץ, וואָס פאַר'ן שלאָס זענען ארויסגעפאָהרען דריי קאָטשען צום ברעג צו.

דער דאַמפּפער איז צוגעפאָהרען צום ברעג, די הערען און דאַ־מען זענען ארויס אויף'ן ברעג און האָבען זיך געזעצט אין די קאָטשען. דאַמאָלסט האָט זיך דערהערט א רייהע שאָסען פון'ם שלאָס; צוויי מענשען זענען געשטאַנען אויף'ן רונדען טורם, האָבען אָנגעלאָדען און געשאָסען, אָנגעלאָדען און געשאָסען פון יעגער־ביקסען. ווען זיי האָ־בען אויסגעשאָסען איין און צוואַנציג מאָל, זענען די קאָטשען צוגע־פאָהרען צו די פּאַראַד־טרעפּ פון'ם שלאָס, און די שיסעריי האָט אויפ־געהערט.

יא, אין שלאָס וועט זיין א יום־טוב; לכבוד די געסט האָט מען אויפגעהאַנגען פאָהנען און געשאָסען, אין די קאָטשען זענען געזעסען עטליכע מיליטער־לייט, צווישען זיי, אפשר, אויך אָטטאָ דער לייט־טענאַנט.

יאָהאַנעס איז אראָב פון בערגעל און האָט זיך געלאָזט אַהיים. איהם האָט אָנגעיאָגט איינער פון די דיענער פון שלאָס און האָט איהם אָבגעשטעלט.דער בחור האָט געהאַט א בריעף אין הוט, איהם האָט געשיקט פריילין וויקטאָריע, ער דאַרף ברענגען אַן ענטפער.

יאָהאַנעס האָט איבערגעלייענט דעם בריעף מיט א קלאַפּעדיג האַרץ. וויקטאָריע האָט איהם דאָך איינגעלאַדען, האָט איהם געשרי־בען זעהר האַרציג און האָט איהם געבעטען קומען. דאָס איז דער

אוועגד, וואָס זי אָט איהם געוואָלט בעטען. זי וואַרט אויף אַן ענט־
פער דורך׳ן שליח.

א וואונדערבארע, אונגעריכטע פרייד האָט אויפגעשיינט אין
איהם, די בלוט האָט אַ שטראָם געטהאָן צו איהם אין קאָפּ, און ער האָט
געענטפערט דעם מענשען, אַז ער וועט קומען, יאַ, בעדאַנקט, ער וועט
גלייך קומען. זייט אַזוי גוט.

ער האָט אריינגערוקט דעם שליח אַ משונה׳דיג גרויסע מטבע און
איז אהיים געלאָפען זיך איבערטהאָן.

8.

דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען איז ער אריין אין דעם טויער
פון שלאָס און ער האָט גענומען שטייגען איבער די טרעפּ צו דעם
צווייטען שטאָק. פון דאָרטען איז איהם ענטקעגען געקומען אַ גערויש
פון שטימען, זיין האַרץ האָ שטאַרק געשלאָגען, ער האָט אָנגעקלאָפּט
און איז אריין.

די ווירטהין פון שלאָס, נאָך אַ יונגע, איז איהם ענטקעגען געקו־
מען, האָט איהם פריינדליך בעגריסט און גערדריקט זיין האַנד. זי איז
צופריעדען געווען איהם צו זעהן, זי האָט איהם נאָך גערעכנט פון יע־
נער צייט, ווען ער איז געווען אָט אַזוי גרוים; איצט איז ער אַן ער־
וואַקסענער מענש.... און גלייך ווי די ווירטהין פון שלאָס האָט איהם
געוואָלט נאָך מעהר זאָגען, האָט זי איהם ביים האַנד געהאַלטען און
האָט דורכדרינגליך געקוקט אויף איהם.

ס׳איז אויך צוגעגאַנגען דער ווירטה פון׳ם שלאָס און האָט איהם
אויסגעשטרעקט זיין האַנד. ווי ס׳האָט פריהער זיין פרוי געזאָגט, אַ
גרויסער מענש, ווייט, ווייט ניט אַיין זין, אַ גרויסער מענש. אַ
בעריהמטער מענש. ער איז זעהר צופריעדען...

מען האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר די הערר׳ן און דאַמען, פאַר׳ן
קאַמערהערר, וועלכער איז געגאַנגען מיט זיינע אַלע מעדאַלען, זיין
פרוי, פאַר אַ פּריץ פון׳ם שכנ׳ישען הויפעל, פאַר אָטטאָ׳ן, דעם לייטע־
נאַנט. וויקטאָריע׳ן האָט ער ניט געזעהן.

ס׳איז פערביי אַ צייט. ס׳איז אריין וויקטאָריע, אַ בלייכע,
אפילו אַן אונזיכערע; זי האָט געפיהרט אַ קליין מיידעלע פאַר׳ן האַנד.
זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען זאַל, זיך בעגריסט מיט אַלעמען,

גערעדט עטליכע ווערטער מיט יעדען. זיי האבען זיך אבגעשטעלט פאר יאהאנעס'ן.

וויקטאריע האט א שמייכעל געטהאן און געזאגט:

— אט איז אויך קאמילא, איז עס דען ניט א סורפריז? איהר זענט בעקאנט? זי איז געשטאנען א ווײלע און האט זיי ביידען אנגעקוקט, דערנאך איז זי ארויס פון'ם זאל.

די ערשטע רגע איז יאהאנעס געשטאנען ניט ריהרענדיג זיך און א צוטראגענער. אין דעם איז געשטאנען די אונגעריכטיגקייט; וויקטאריע האט זעהר ליעבליך געפונען א צווייטע שטאט איהר. הערט זיך איין, מענשען, געהט און נעהמט זיך איינס דעם אנדערן! דער פריהלינג איז אין בליהונג, די זון לייכט; עפענט אויף די פענסטער, נוייל פון'ם סאד שמעקט זעהר, און אויף די שפיצען בעריאזען שפיעלען זיך שטאארען. פאר וואס רעדט איהר ניט איינער מיט'ן אנדערן? און לאכט!

— יע, מיר זענען בעקאנט — האט געזאגט אפענהערציג קאמילא — איהר האט דאך מיר טאקע דא ארויסגענומען פון'ם וואסער.

זי איז געוועזען יונג. א בלאנדע און א פרעהליכע, אין א ראז קליידעל, זי איז געווען זיבעצעהן יאהר. יאהאנעס האט פערביסען די ליפען, האט געלאכט און געשפאסט. וואס מעהר און מעהר האבען איהרע פרעהליכע ווערטער אויף אן אמת איהם לעבעדיג געמאכט, זיי האבען לאנג געשמועסט, דאס שלאגען פון זיין הארצען האט אויפגעהערט. אין איהר האט זיך נאך בעהאלטען א ליעבע געוועהנשאפט פון די נאך גאר יונגע יאהרען איינצוביגען דעם קאפ אויף א זייט און הערען מיט ערוואַרטונג, ווען ער זאגט ארויס וואס ניט איז. ער האט איהר דערקאנט, זי האט איהם ניט ערשטוינט.

וויקטאריע איז ווידער אריין, זי האט גענומען דעם לייטענאנט ביים ארעם, און אוועקציהענדיג איהם מיט זיך, האט זי צו יאהאנעס'ן געזאגט:

— איהר זענט בעקאנט מיט אטטא'ן — מיין חתן? איהר דערקענט דאך איהם.

זיי האבען דערקענט איינער דעם צווייטען. זיי זאגען די נויטיגע ווערטער, מאכען די נויטיגע בעגריסונגען און צוגעהען זיך. יאהאנעס און וויקטאריע בלייבען אליין. ער רעדט:

— אין דעם איז בעשטאַנען דער סורפּריז?

— יע — האָט זי געענטפערט, אויפגערעגט און אונגעדולדיג — כ'האָב געטהאָן אַלץ, וואָס כ'האָב געקאָנט, עפּעס בעסערס האָב איך ניט געקאָנט אויסקלעהרען. טאָ בלאָזט זיך שוין ניט, בעסער בעדאַנקט מיר; כ'האָב געזעהן איהר זענט געווען צופריעדען.

— איך דאַנק אייך. יע, איך בין געווען צופריעדען.

ס'איז איהם בעפאַלען אַ שווערער יאוש, זיין פּנים איז בלייך געוואָרען ווי דער טויט. ווען זי האָט איהם ווען עס איז וועה געטהאָן, האָט זי עס איצטער פערגלעט און הונדערט מאָל אַזוי פיעל אָבגעצאָהלט. ער איז איהר זעהר דאַנקבאַר געווען.

— און דערצו בעמערק איך, דאָס היינט איז אויף אייך אייער רינג — האָט ער דומפּף געזאָגט. נעהמט איהם ניט אַראָב מעהר.
א שווייגען.

— ניין, יעצט וועל איך איהם שוין מעהר ניט אויסטהאָן — ענטפערט זי.

זיי האָבען אַ קוק געטהאָן איינער אויף'ן צווייטען אין די אויגען. זיינע ליפּען האָבען געציטערט. ער האָט מיט'ן קאָפּ אָנגעוויזען אויף'ן לייטענאַנט און הייזעריג און גראָב געזאָגט:

— ביי אייך איז אַ פיינער געשמאַק, פריילין וויקטאָריע. ער איז אַ שעהנער מאַנסביל. זיינע שליפּעס מאַכען גרעסער זיינע פּלייצעס.

זי האָט איהם גאָר רוהיג געענטפערט:

— ניין, ער איז ניט שעהן, נאָר — אַ געבילדעטער מענש. דאָס האָט אויך עפּעס אַ ווערט.

— דאָס איז געציעלט צו מיר, איך דאַנק אייך. ער האָט זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט און צום ענדע אונפערשעהמט געזאָגט: און ער האָט אויך געלד אין קעשענע, דאָס איז נאָך מעהרער ווערט.

זי איז פּלוצלינג אַוועקגעגאַנגען.

אַזוי ווי אין חרם אָן אריינגעוואָרפענער, איז ער אומגעגאַנגען פון וואַנד צו וואַנד. קאַמילאַ האָט מיט איהם אָנגעהויבען רעדען, האָט איהם וואָס געפרעגט, נאָר ער האָט ניט געהערט און ניט געענטפערט. זי האָט געזאָגט נאָך וואָס ניט איז, האָט איהם אפילו אָנגעריהרט פאַר'ן האַנד און האָט אומזיסט איהם געפרעגט אויפס־ניי:

— נו, און ער קלעהרט דאָרט אַלץ, האָט זי לאַכענדיג אַ געשריי געטהאָן — ער קלעהרט, ער קלעהרט!

וויקטאָריע האָט דאָס דערהערט און געענטפערט: ער וויל זיין איינזאם. ער האָט דאָך אויך מיר אַוועקגעיאָגט. — נאָר פּלוצלינג איז זי צוגעגאַנגען האַרט צו איהם און האָט הויך געזאָגט: דאָס מוזט איהר, פערשטעהט זיך, צוטראַכטען אָן ענטשולדיגונג פאַר מיר. ניט טראַכט דערפון. פערקעהרט, איך מוז זיך ענטשולדיגען פאַר אייך, וואָס איך האָב אייך אַזוי שפּעט צוגעשיקט אַן איינלאַדונג. דאָס איז ניט אַזוי אויפמערקזאַם פון מיין זייט. איך האָב אָן אייך פערגעסען ביז דער לעצטער רגע, און כמעט אין גאַנצען אָן אייך פערגעסען, נאָר איך האָב, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ווייל מיר איז אויסגעקומען צו טראַכטען וועגען אַזוי פיעל זאַכען.

ער האָט שווייגענדיג געקוקט אויף איהר; אפילו קאַמילאַ האָט געקוקט אָט אויף איינעם פון זיי, אָט אויף אַ צווייטען און איז זעהר פערוואונדערט געוועזן. וויקטאָריע איז געשטאַנען גלייך ענטקעגען איהם מיט אַ קאַלטען, בלייכען פּנים. זי האָט זיך נוקם געוועזן.

— אַזעלכע זענען אונזערע הייניגע קאַוואַלערען — האָט זי געזאָגט קאַמילאַ'ן — מיר האָבען ניט קיין סך צו ערוואַרטען פון זיי. אָט דאָרטען זיצט מיין געליעבטער און רעדט וועגען געיעג אויף עלען־טהירען, און דאָ שטעהט דער דיכטער און קלעהרט.... זאָגט וואָס ניט איז, דיכטער!

ער ציטערט אויף; די אָדערן אויף די שלייפען ביי איהם זענען בלוי געוואָרען.

— גוט. איהר בעט מיך איך זאָל זאָל אייך זאָגען וואָס ניט איז. גוט.

— אָה, ניין, ניט בעמיהט זיך.

זי האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן.

— אַז מיר זאָלען גלייך אריבערגעהן צום עיקר — האָט ער געזאָגט פּאַמעלאַך און שמייכלענדיג, נאָר זיין שטימע האָט געציטערט; — אַז מיר זאָלען אָנהויבען מיט אַמאָל: איהר האָט זיך ניט לאַנג איינגעליעבט, פריילין וויקטאָריע?

עטליכע רגע'ס איז געווען אין גאַנצען שטיל; אַלע דריי האָבען

געהערט דאָס קלאַפּען פון זייערע הערצער. קאַמילא האָט פּלאָטערענ־דיג געענטפערט:

— פערשטעהט זיך, וויקטאָריע איז איינגעליעבט אין איהר חתן. זי האָט נאָר וואָס זיך פערלאָבט, ווייסט איהר דען ניט?

די טיהר פון׳ם עס־צימער האָט זיך אויפגעמאַכט.

יאָהאַנעס האָט זיך אויפגעזוכט זיין אָרט און זיך דאָרט אוועק־געשטעלט.

דער גאַנצער טיש האָט פון אויבען אראָב זיך געהוידעט פאַר זיינע אויגען, ער האָט געזעהן אַ סך מענשען און געהערט אַ גערויש פון שטימען.

— יע, ביטע, דאָ איז אייער אָרט — האָט פריינדליך געזאָגט די ווירטהין פון׳ם שלאָס. — זאָלען זיך שוין אַלע האָבען אויסגעזעצט, אמענדע.

— ענטשולדיגט! — האָט וויקטאָריע הינטער איהם געזאָגט. ער איז אָבגעגאַנגען אין אַ זייט.

זי האָט גענומען זיין וויזיט־קאַרטע און איהר אוועקגעלעגט אויף איינינגע ערטער ווייטער, אויף זיבען ערטער ווייטער, צוזאמען מיט דעם אַלטען הערר, וועלכער איז אַמאָל געווען ביי זיי דער הויז־לעהרער אין שלאָס, און וועלכער, ווי מען זאָגט, האָט צוגעטרונקען. זי האָט גע־בראַכט צוריק אַ צווייטע וויזיט־קאַרטע און זיך אוועקגעזעצט.

ער איז געשטאַנען און האָט אויף אַלצדינג זיך איינגעקוקט. די ווירטהין פון׳ם שלאָס האָט, מיט אַן אונאַנגענעהמער אויפרעגונג, זיך פערנומען מיט עפּעס אויף דעם צווייטען זייט טיש און האָט אויפגע־הערט צו קוקען אויף איהם.

ער האָט זיך נאָך פערלאָרען מעהר ווי פריהער און, אַן אויפגערעג־טער, האָט ער זיך געלאָזט געהן צו זיין נייעם אָרט; דעם פריהערדי־גען אָרט האָט פערנומען איינער פון דיטלעף׳ס שטאָדטישע פריינד, אַ יונגער מענש מיט אַ בריליאַנטענער שפּילקע אויף׳ן ברוסט. רעכטס פון איהם איז געזעסען וויקטאָריע, לינקס — קאַמילא.

און דער מאָהלצייט האָט זיך אָנגעפאַנגען.

דער אַלטער הויז־לעהרער האָט יאָהאַנעס׳ן נאָך געדענקט פון קינדהייט, און צווישען די צוויי האָט זיך אָנגעהויבען אַ שמועס. ער

האָט דערצעהלט, דאָס אין זיינע יונגע טעג האָט ער זיך אויף פּערנור־מען מיט פּאָעזיע, און, אז עס ליעגען ביי איהם מאַנוסקריפּטען, וועלכע יאַהאַנעס וועט ביי אַ געלעגענהייט מוזען איבערלייענען. איצטער האָט מען איהם דאָ איינגעלאַדען אויף׳ן פאַמיליען יום־טוב, ער זאָל האָבען די מעגליכקייט איינטייל צו נעהמען אין דעם פאַמיליען־פרייד צוליעב דער פערלאָבונג פון וויקטאָריע׳ן. דער ווירטה און די ווירטהין פון׳ם שלאָס האָבען פון זייער אַלטער פריינדשאַפט וועגען איהם צוגעגרייט דעם דאָזיגען סורפּריז.

— ב׳האָב אייערס נאָך גאָר ניט געלעזען — האָט ער געזאָגט.

— איך לעז נאָר זיך אליין ווען מיר ווילט זיך וואָס ניט איז איבערלע־זען; ביי מיר זענען דאָ ערצעהלונגען און ליעדער אין מיין שרייב־טיש. מען וועט זיי ארויסגעבען נאָך מיין טויט; דאָך וואָלט איך וועלען, אז דער עולם זאָל וויסען, ווער איך בין געוועזן. יע, מיר עלטערע פון דעם פאַך זענען ניט אזוי איילינג אַלץ אָבצוטראָגען אין דרוק, ווי מען טהוט עס איצט. פאַר אייער געזונד!

דער מאַהלצייט געהט ווייטער. דער ווירטה קלאַפּט אָן אין זיין גלאָז און שטעהט אויף. אויף זיין בכבוד׳יגען מאָגערן פּנים צושפּיעלט זיך אָן אויפרעגונג, און ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ זעהר פרעהלי־כען מענשען. יאַהאַנעס לאָזט נידעריג אראָב דעם קאָפּ. אין זיין גלאָז איז גאָר ניטאָ און קיינער דערלאַנגט איהם גאָר ניט; ער פילט אָן אליין זיין גלאָז ביז׳ן ברעג און לאָזט ווידער אראָב דעם קאָפּ. און אָט האָט זיך אָנגעהויבען!

די רעדע איז געוועזן אַ לאַנגע און אַ שעהנע און זי איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ פרעהליכען גערויש; מען האָט צו־וויסען געגעבען פון דער פערלאָבונג. אַ סך גוטע ווינשונגען טראָגען זיך פון אַלע ברע־גען טיש צום שלאָס־ווירטה׳ס טאָכטער און צום קאַמערהערר׳ס זוהן.

יאַהאַנעס האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז.

אין עטליכע רגע׳ס ארום איז זיין אויפרעגונג פערגאַנגען, זיין רו־היגקייט האָט זיך אומגעקעהרט; שאַמפּאַניער גליהט דומפּף אין זיינע אָדערן. ער הערט, דאָס אויך דער קאַמערהערר רעדט, מען שרייט ווידער בראַוואָ און הורראַ און מען קלאַפּט זיך אָן מיט די גלעזער. ער גיט אַ קוק אויף דעם אָרט פון וויקטאָריע׳ן; זי איז בלייך און קענ־טיג, אז זי ליידט אינווענינ, זי הויבט ניט אויף די אויגען. קאַמילאַ,

פערקעהרט, שאָקעלט איהם צו מיט׳ן קאָפּ און שמייכעלט, ער ענט־פערט צוריק מיט אַ שאָקלען.

דער הויז־לעהרער נעבען איהם רעדט ווייטער:

— זעהר גוט, זעהר גוט, אז צוויי געהערן איינער דעם צווייטען. מיר איז ניט אויסגעקומען. כ׳בין געווען אַ יונגער סטודענט, מיט גרויסע האָפנונגען, גרויסע פעהיגקייט; ביי מיין פאָטער איז געווען אַ נאָמען בירושה, אַ גרויסע הויז, רייכקייט, אַ סך, אַ סך שיפען. איך קאָן אויך זאָגען, אז ביי מיר זענען געווען זעהר גרויסע האָפענונ־גען. זי איז אויך געווען יונג און פון יחוס. און אָט קום איך צו איהר און עפען אויף מיין הארץ. ניין, ענטפערט זי. איהר קענט איהר פערשטעהן ניין, זי וויל ניט, האט זי געענטפערט. דאמאָלסט האָב איך געטהאָן אַלץ וואָס נאָר מעגליך, איך האָב אָנגעהאַלטען דעם לערנען זיך און עס איבערגעטראָגען ווי אַ מאַנסביל. און אָט קומט אָן פאר מיין פאָטער אַ שלעכטער יאָהר, היזקות, וועקסלען אויף ערבות, ער האט באנקראָטירט. ווי־זשע האָב איך געהאנדעלט דאמאָלסט? אויף־ס׳ניי עס איבערגעטראָגען ווי אַ מאַנסביל, און איצטער — אָבער מיידט זי מיך שוין אויף אַן אמת ניט אויס יענע מיידעל, וועגען וועלכע איך רעד. זי קעהרט זיך אום און קומט צו מיר אין שטאָדט. וואָס האָט זי געוואָלט פון מיר? וועט איהר פרעגען. איך בין געוואָרען אָרעם, איך האָב אָנגענומען אַ קליינע שטעלע פון אַ לעהרער, אַלע מיינע האָפנונגען צושלאָגען, און מיינע ליעדער אריינגעוואָרפען אין קופערט — איצטער־ערשט איז זי געקומען און זי וויל שוין, זי וויל!

דער הויז־לעהרער האָט געקוקט אויף יאָהאַנעס׳ן און געפרעגט:

— קאָנט איהר דען איהר פערשטעהן?

— נאָר דאמאָלסט־ערשט האָט איהר שוין ניט געוואָלט.

— און איך האָב דען געקאָנט, פרעגט זיך? אַן אָרימאַן, אַן אָרימאַן, נאַקעט, אַ לעהרערשער שטעלע, מאַכאָרקע אין דער ליולקע נאָר אין די זונטאגס, — וואָס קלעהרט איהר? איך האָב דאָך ניט גע־קאָנט מיט איהר זיך בעגעהן אזוי שלעכט. נאָר איך פרעג זיך נאָר: קאָנט איהר דען איהר פערשטעהן?

— וואָס־זשע איז געוואָרען מיט איהר?

— אָה, גאָט מיינער, איהר ענטפערט מיר ניט אויף מיין פראגע,

זי האָט חתונה געהאַט פאַר עפּעס אַ קאַפּיטאַן. אין אַ יאָהר אַרום, פאַר אַן אַרטילערישען קאַפּיטאַן. פאַר אייער געזונד!

יאָהאַנעס האָט געזאָגט:

— מען זאָגט, אַז טהייל פּרויען זוכען וואו אַנצואווענדען זייער רחמנות. לעבט זיך אַ מענשען גוט, האָבען זיי איהם פיינט, און אַליין פּיהלען זיי זיך איבעריג; זענען זיינע געשעפטען שלעכט, און איהם קומט אוים איינצובויגען זיין רוקען, דאַמאָלסט טריאומפירען זיי און זאָגען: איך בין דאָ.

— נאָר פאַר וואָס האָט זי ניט איינגעשטימט אין די גליקליכע טעג? איך בין פול געוועז מיט האָפנונגען, ווי אַ קליינינקער גאָט.

— מסתמא האָט זי דאַן געוואַרט, ביז וואַנען איהר וועט זיך ניט איינבויגען ביז דר'ערד. איין גאָט נאָר וויים.

— נאָר איך האָב זיך דאָך ניט איינגעבויגען ביז דר'ערד. קיינמאָל ניט. איך בין געבליבען שטאָלץ און איהר אָבגעזאָגט, וואָס וועט איהר דערויף זאָגען?

יאָהאַנעס האָט געשוויגען.

— נאָר איהר זענט אודאי גערעכט — האָט געזאָגט דער אַלטער לעהרער. — גאָט איז אַן עדות, איהר זענט אין גאַנצען גערעכט אין דעם וואָס איהר זאָגט — האָט ער פּלוצלונג פרעהליך ווערענדיג אויסגעשריען, און האָט אויף־ס'ניי אויסגעטרונקען. — אם אַלעם ענד האָט זי חתונה געהאַט פאַר אַן אַלטען קאַפּיטאַן; זי טאַנצט אַרום אַרום איהם, קאָרמעט איהם און איז אַ גאַנצע ווירטהין אין הויז. אַן אַרטילערישער קאַפּיטאַן.

יאָהאַנעס האָט אויפגעהויבען די אויגען. וויקטאָריע איז געזעסען מיט דער גלאָז אין איהר האַנד און האָט איינגעשפּאַרט געקוקט אין זיין זייט. זי האָט געהאַלטען הויך איהר גלאָז.

עפּעס האָט אין איהם פּלוצלינג אַ צאַפּעל געטהאָן, און ער האָט אויך אַ כאַפּ געטהאָן זיין גלאָז. זיין האַנד האָט געציטערט.

דאַמאָלסט האָט זי הויך אַ רוף געטהאָן זיין שכן און האָט געלאַכט. זי האָט אויסגעשריען דעם נאָמען פון דעם הויז־לעהרער.

יאָהאַנעס האָט דעמיטהיג אוועקגעשטעלט זיין גלאָז און האָט אונזיכער און פאַר זיך אַ שמייכעל געטהאָן. אַלע האָבען געקוקט אויף איהם.

דער אַלטער לעהרער איז ביז טרעהרען געריהרט געוואָרען פון אַזאַ ליעבע אויפמערקזאַמקייט פון זיין שילערין. ער האָט האַסטיג אויסגעטרונקען די גאַנצע גלאָז.

— און יעצט בלאָנדזשע איך אַרום דאָ אַן אַלטער מענש — האָט ער ווידער אָנגעהויבען — כ'בלאָנדזשע אַרום דאָ און טאַפּטשע די ערד, איינזאַם און ניט בעוואוסט. אַזאַ איז שוין מיין מזל. קיינער וויים ניט, וואָס עס לעבט אין מיר; נאָר קיינער האָט נאָך ניט געהערט איך זאָל קרעכצען. איהר ווייסט וואָס עס טרעפט מיט די טורקעל־טויבען. איז דען ניט קיין טורקעל־טויב, די טיעף־פערטרויערטע, וועלכע מאַכט פריהער מוטנע די ריינע, קלאָרע וואַסער פונ'ם קוואַל און דערנאָך טרינקט זי פון איהם!

— איך וויים ניט!

— גוט, נאָר דאָס איז ריכטיג. אויך דאָס אייגענע טהו איך. איך האָב ניט בעקומען די, וועלכע האָט געדאַרפט זיין מיינע אין מיין לעבען; נאָר דאָך בין איך ניט אַזוי אָרים אין פרייד. נאָר איך רעג איהר אויף. אויביג אַזוי, נאָר איך רעג איהר אויף. און אויף אַזאַ אופן קען די ענטוישונג ניט פייערן איהר זיעג איבער מיר. איהר קוקט אָן וויקטאָריע'ן. זי האָט נאָר וואָס געטרונקען מיט מיר. איך בין געוועזען איהר לעהרער. יעצט האָט זי חתונה און דאָס פרעהט מיר טאַקע, איך פיהל איבער אַ ריין־אייגענעם גליק דערביי, אַזוי ווי זי זאָל מיינע אַן אייגענע טאָכטער זיין. יעצט וועל איך, מסתמא, זיין אַ לעהרער ביי איהרע קינדער. יע, אינ'ם לעבען איז פערשיעדענעם גליק פאַרהאַן. נאָר דאָס, וואָס איהר האָט גערעדט וועגען מיטלייד און דער פרוי און איינגעבוידגענעם רוקען, — יע, וואָס איך קלעהר דער־פון מעהר, אַלץ מעהר זענט איהר גערעכט. גאָט איז אַן עדות, איהר... ענטשולדיגט אויף אַ רגע'לע.

ער איז אויפגעשטאַנען, געכאַפּט זיין גלאָז און זיך געלאָזט צו וויקטאָריע'ן. ער איז שוין ניט געווען אין גאַנצען שטייף אויף די פיס און איז געגאַנגען שטאַרק איינגעבויגען פאָראויס.

מען האָט געהאַלטען אַ סך רעדעס, ס'האָט גערעדט דער לייטע־נאַנט, דער פריץ פון דעם שכנ'ישען הויפעל האָט אויפגעהויבען די גלאָז פאַר דעם געזונד פון דער פרוי, פאַר דער הויז־ווירטהין. פּלוצ־לינג איז אויפגעשטאַנען דער הערר מיט דער בריליאַנטענער שפּילקע

און דאָס אויסגערופען יאָהאַנעס נאָמען. ער האָט בעקומען אַן ער־לויבניש אויף דעם, וואָס ער האָט געטהאָן, ער וויל בעגריסען דעם יונגען דיכטער אין דעם נאָמען פון דיזר יוגענד. דאָס זענען געווען ליעב־ליכע ווערטער, אַ ריין־אָפענהערציגע דאַנקבאַרקייט פון זיינע גלייך־יאָהריגע חברים, פול איבערגעבענקייט און ענטציקונג.

יאָהאַנעס האָט כמעט ניט געגלויבט זיינע אויערן. ער האָט געמורמעלט צום הויז־לעהרער:

— ער רעדט דאָס וועגען מיר?

דער לעהרער האָט געענטפערט:

— יע, ער האָט עס מיר אָנגעזאָגט. איך אַליין האָב עס געוואָלט טהאָן. וויקטאָריע האָט וועגען דעם מיר נאָך געבעטען פאַר׳ן מאָהל־צייט.

— ווער, זאָגט איהר, האָט אייך געבעטען?

דער לעהרער האָט איינגעשפאַרט געקוקט אויף איהם.

— קיינער ניט — האָט ער געענטפערט.

אין דער צייט פון זיין רעדע זענען אַלע אויגען אָנגעשטרענגט געווען אויף יאָהאַנעס׳ן, אפילו דער ווירטה פון שלאָס האָט איהם מיט׳ן קאָפּ אַ שאָקעל געטהאָן, און דעם קאַמערהערר׳ס פרוי האָט איהר לאָרנעט צו די אויגען גענומען און געקוקט אויף איהם. ווען די רעדע האָט זיך געענדיגט, האָבען אַלע אויסגעטרונקען.

— ענטפערט־זשע איהם — האָט געזאָגט דער הויז־לעהרער. — ער איז געשטאַנען דאָרטען און האָט אייך געהאַלטען אַ רעדע. טהאָן דאַרף עס דער עלטסטער פון דער פּראָפעסיע. און אויסער דעם, בין איך אין גאַנצען ניט איינשטימיג מיט איהם. אין גאַנצען ניט איינ־שטימיג.

יאָהאַנעס האָט געקוקט איבער׳ן טיש אויף וויקטאָריע׳ן. דאָס האָט זי געהייסען דעם הערר מיט דער בריליאַנטענער שפּילקע, ער זאָל רעדען; צוליעב וואָס האָט זי עס געטהאָן? פון אָנפאַנג האָט זי זיך וועגען דעם געווענדעט צו אַן אַנדערן, אַ סך פריהער, ביי טאָג נאָך, זי האָט געטראַכט דערפון; פאַר וואָס האָט זי עס געטהאָן? יעצט איז זי געזעסען און געקוקט אַראָב. און קיין איין בעוועגונג איהרע האָט איהר ניט אַרויסגעגעבען.

פלוצלינג האָט אַ טיעפע און אַ שאַרפע אויפרעגונג זיינע אויגען

פערגאַסען, ער איז גרייט געווען פאר איהרע פיס צו פאַלען און דאַנ־קען איהר, דאַנקען. ער האָט עס געטהאָן שפּעטער, שוין נאָכ'ן עסען.

קאמילא איז געזעסען און האָט גערעדט אויף רעכטס און אויף לינקס און האָט צוגעשמייכעלט צו אלע מיט איהר פּנים. זי איז גע־ווען גליקליך, איהרע זיבעצעהן יאָהר האָבען איהר, אויסער אונבע־וואוסטער פרייד גאָר ניט געגעבען.

זי האָט איינינע מאָהל געוואונקען צו יאָהאנעס'ען און איהם גע־מאכט צייכענס, דאָס ער דאַרף אויפשטעהן.

ער איז אויפגעשטאַנען.

ער האָט גערעדט קורץ, זיין שטים האָט געקלונגען טיעף און אויפ־גערעגט. א ניט־אָנגעזעהענער איז ער דאָ אריינגעצויגען געוואָרען איינטייל צו נעהמען אין דעם יום־טוב, מיט וועלכען די פאמיליע פייערט די פרעהליכע געשעהעניש. ער וויל בעדאַנקען דעם, וועמען עס איז דעם ערשטען איינגעפאַלען דער דאָזיגער געדאַנק, און דעם, וועלכער האָט איהם געזאָגט אזוי פיעל אנגענעהמע ווערטער. נאָר אין דער זעלביגער צייט האָט ער אויך ניט אוועקגעלאָזט פון דער האַנד די אויפמערקזאמע פריינדליכקייט, מיט וועלכע די גאַנצע פערזאמלונג האָט אויסגעהערט די לויב־געזאַנגען, צו איהם — א זייטיגען. דאָס איינציגע רעכט, דורך וועלכען ער איז אין גאַנצען דאָ אריינגעקומען, איז אין דעם פאַל געווען נאָר דאָס, וואָס ער איז א זוהן פון שכן, וואָס וואוינט נעבען שלאָס אין וואלד...

— יא! — האָט פּלוצלינג אויסגעשריען וויקטאָריא מיט גליהענ־דע אויגען. אלע האָבען געקוקט אויף איהר, איהרע באקען זענען רויט געווען, און איהר ברוסט האָט אונרוהיג געשלאָגען. יאָהאנעס האָט זיך אָבגעשטעלט. עס האָט געהערשט א מאַטערענדע שטילקייט.

— וויקטאָריא! — האָט דער ווירטה פון שלאָס געזאָגט ער־שטוינט.

— רעדט ווייטער! — האָט זי ווידער אויסגעשריען — דאָס איז אייער איינציגע רעכט; נאָר רעדט ווייטער! און איהרע אויגען זיינען פּלוצלינג אויסגעלאָשען געוואָרען, זי האָט אָנגעהויבען מאַכטלאָז צו שמייכלען און וויעגען מיט'ן קאָפּ. נאָך דעם האָט זי זיך געווענדט צום פאָטער און געזאָגט: — איך האָב נאָר געוואָלט איבערטרייבען.

ער טרייבט דאָך אַליין אויך איבער. ניין, איך האָב נישט געוואָלט שטערען....

יאָהאַנעס האָט אויסגעהערט די ערקלעהרונג און ער האָט געפונען אַן אויסוועג; עס האָט זיך געהערט ווי זיין האַרץ האָט געשלאָגען. ער האָט בעמערקט, ווי די ווירטהין פון שלאָס האָט געקוקט אויף וויקטאָריע'ן מיט טרעהרען אין די אויגען און אונענדליכער רחמנות.

יע, ער האָט איבערטריעבען, האָט ער געזאָגט; פריילין וויקטאָריע איז גערעכט געווען. זי האָט איהם אַזוי ליעבליך אָנגעמערקט, דאָס ער איז ניט נאָר אַ שכנ'ס אַ זוהן, נאָר אויך אַ חבר פון די שלאָס־קינדער פון די קינדער־שפּיעלען, און דאָס איז די אורזאַך, וואָס האָט איהם געבראַכט אַהער. ער האָט איהר געדאַנקט; אַזוי איז עס טאַקע געווען. ער איז געוועזן דאָ אין דער היים, דער וואַלד נעבען שלאָס איז אַמאָל געוועזען זיין גאַנצע וועלט, הינטער וועלכען עס האָט אַמאָל געבלויט אַן אונבעוואוסטע לאַנד, זיין חלום. נאָר אין יענע יאָהרען האָט ער אָפט בעקומען פון וויקטאָריע'ן און דיטלעף'ן איינלאַדונגען צו שפּאַצירען און שפּיעלען זיך מיט זיי, — דאָס זענען זיינע גרויסע איבערלעבונגען פון קינדהייט.

איבערטראַכטענדיג דאָס אַלץ, דערנאָך, — האָט ער זיך געמוזט מודה זיין, אַז די שעה'ן האָבען פיעל בעדייט אין זיין לעבען, וואָס קיינער ווייס ניט, און אויב ס'איז אמת, — ווי מען האָט נאָר וואָס אָנגעוויזען — אַז אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, האָט געקענט אַמאָל גליהען, קומט דאָס דערפון, וואָס די עראינערונגען וועגען יענע טעג האָבען אויפגעפלאַמט אין איהם; דאָס איז אַן אָבשפּיגלונג פון'ם גליק, מיט וועלכען די שפּיעלען מיט די חברים האָבען בעשטראַהלט זיין קינדהייט. דעריבער האָט זיי געקומט א גרויסע טהייל דערפון, וואָס ער האָט בעשאַפען. צו די אַלע גוטע ווינשונגען, צו זייער פערלאָבונג, ווילט זיך איהם צולעגען זיין אייגענע דאַנקבאַרקייט די קינדער פון'ם שלאָס פאר די ליכטיגע קינדער־יאָהרען, ווען ניט צייט, ניט אורזאַכען האָבען זיי צושיידט, פאר דעם פרעהדיגען קורצען זומער־טאָג...

די רעדע האָט זיך געענדיגט, די געסט האָבען געטרונקען, האָבען ווידער געגעסען, און ס'האָבען זיך ווידער אָנגעפאַנגען געשפּרעכען. דיטלעף האָט טרוקען אָנגעמערקט זיין מוטער:

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט דאָס, אייגענטליך, איך האָב דאָס אָנגעשריבען זיינע ביכער, הא?

די ווירטהין פון שלאָס האָט ניט געלאכט. זי האָט אָנגעקלאַפּט די גלעזער מיט איהרע קינדער און געזאָגט:

— בעדאַנקט איהם, בעדאַנקט איהם, דאָס אַלץ איז געווען גוט פערשטענדליך: אַזאַ איינזאַמער, ווי ער איז געוועזען אין זיין קינדהייט... וואָס טהוסטו, וויקטאָריע?

— אַלס אַדאַנק וויל איך איהם דורך דער שטוב-מיידעל שיקען אַט די בעז, מען טאָר דען ניט?

— ניין — האָט געענטפערט דער ליטענאַנט.

נאָכ'ן מאָהלצייט זענען די געסט זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבער די צימערן, אויפ'ן באַלקאָן און אויך איבער'ן סאָד. יאָהאַנעס האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויפ'ן ערשטען שטאָק און איז אַריין אין דעם צימער, וואָס פיהרט אין סאָד. דאָ האָבען זיך געפונען איינינע מענשען, צוויי וואָס האָבען גערויכערט, אַ פריץ און נאָך איינער, וועלכער האָט אין אַ האַלבען קול גערעדט וועגען די פינאַנסען פון דעם שלאָס-ווירטה. זיין הויף איז געווען אָבגעלאָזען, פערוואַקסען, די פלויטען צופאַלענע, דער וואַלד אויסגעהאַקט און, ווי מען זאָגט, וועט איהם אפילו שווער זיין איינצוצאָהלען די אונמעגליך גרויסע סומע פאַר פאַרסטראַכירען דאָס הויז.

— און אין וויפיעל איז עס פאַרסטראַכירט?

דער פריץ האָט אָנגערופען אַ סומע, אַ לעגענדאַרישע סומע.

איבעריגענס, האָט מען אין שלאָס קיינמאָל ניט געשפּאָרט קיין געלד, סומען זענען דאָ שטענדיג געוועזען גרויסע. פיעל, צום ביי-שפּיעל, קאָסט אַזאַ מאָהלצייט! נאָר איצט איז אומעטום געוואָרען לעדיג, אפילו אין דעם בעריהמטען קעסטעל פון דער ווירטהין'ס ציערונג און דעריבער האָט איצט דעם איידים'ס גאָלד געדאַרפט בעניימען דעם געוועזענעם פּראַכט.

— האָט ער דען אַ סך?

— אָה, ער האָט אַזאַ באַרג מיט גאָלד, וואָס....

יאָהאַנעס איז ווידער אויפגעשטאַנען און איז אַרויס אין סאָד. ס'האָט געבליהט דער בעז, איהם ענטקעגען אין שמעקעדיגע שטראָ-

מען, איז אָנגעקומען אַ ריח פון די שליסעל־בלומען, נארציסען, יאש־מין און מאַי־גלעקלעך. ער האָט אויסגעזוכט אַ ווינקעל אונטען ביים וואנד און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטיין; די קוסטעס האָבען איהם פערשטעלט פון אַלעמען. ער איז געווען מאַט פון הארץ־אויפ־רעגונג, ער איז טויט מיעד געווען, זיין נשמה האָט אַ נעבעל פער־הילט. ער האָט געטראַכט אויפצושטעהן און אוועקגעהן אהיים, נאָר ער איז געבליבען זיצען גאָר ניט פיהלענדיג, טעמפּ. פּלוצלינג דער־הערט ער אַ שעפּטשען אויף דעם מיט דינעם גרוז אויסגעשאָטענעם שטעגעל, עמיצער געהט, ער דערקענט וויקטאָריע׳ס שטימע. ער האָט איינגעהאַלטען זיין אָטהעם און ווארט, דורך די בלעטער גלאנצט זיך דורך אויך דער מונדיר פון דעם לייטענאַנט. די פּערלאָבטע שפּאַ־צירען זיך זאַלבענאַנד.

— איך געפין ניט — רעדט ער — אַז דאָס אַלץ זאָל זיין אזוי איינפאך. דו הערסט ווי ער רעדט און דו זיצסט אַן אונרוהיגע פון זיין רעדע און שרייסט אוים. וואָס, אייגענטליך, זאָל דאָס אַלץ בע־דייטען?

זי בלייבט שטעהן, און אויסגלייכענדיג זיך, שטעלט זי זיך אוועק פאַר איהם.

— דיר ווילט זיך וויסען? — זאָגט זי.

— יא.

זי שווייגט.

— מיר איז אַלץ איינס, אויב דאָס האָט גאָר ניט בעדייט — האָט ער אַלץ געזעדט — דאמאָלסט האָסטו גאָר ניט וואָס צו זאָגען.

זי האָט ווידער אָראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ניין, דאָס האָט גאָר ניט בעדייט — ענטפערט זי.

זיי געהען ווייטער. דער לייטענאַנט הויבט נערוועז אויף זיינע שליפעס און רעדט הויך:

—האלט ער זיך אַ ביסעל געהיט. אניט, וועט דער אָפיצערישער האַנד אויסקומען איהם אַ גלעט טהאָן איבער די אויערן.

זיי האָבען זיך אויסגעדרעהט צו דער אלטאנקע.

יאָהאנעס איז אַ קורצע צייט געבליבען זיצען אַ פערשטארטער און צושלאָגענער, ווי פריהער. אַלץ האָט זיך איהם אָנגעהויבען אויס־צוואווייזען אַלץ איינס. דער לייטענאַנט האָט איהם פערדעכטיגט און

זיין כלה האָט זיך אָנגעהויבען פערענטפערן. זי האָט געזאָגט דאָס, וואָס ס'איז נויטיג געווען צו זאָגען, האָט בערוהיגט דעם לייטענאַנט'ס הארץ און איז אוועק מיט איהם ווייטער. און די שטאארען האָבען זיך איבער זייערע קעפּ דורכגעפייפט אין די צווייגען. גוט. זאָל זיי גאָט געבען א לאַנגען לעבען... ער האָט גערעדט צו איהר ביים מאָהל־צייט און ארויסגעריסען זיין הארץ; איהם איז שווער אָנגעקומען פער־ריכטען איהר אונפערשעהמטען איבערדריים, און זי האָט איהם אפילו ניט בעדאַנקט דערפאר. זי האָט גענומען איהר גלאָז און אָנגעהויבען טרינקען. פאר אייער געזונד, קוקט זיך נאָר איין ווי ליעב איך טרינק.... אין אַלגעמיין דאַרף מען קוקען פון דער זייט ווען א פרוי טרינקט. זאָל זי טרינקען פון א בעכער, פון א גלאָז, פון וואָס זי זאָל ניט טרינקען, בעדאַרף מען אַלץ קוקען אויף איהר פון דער זייט. זי חנ'דעלט זיך אזוי, אז ס'קומט אפילו אוים שרעקליך. זי ציהט אוים דעם מויל און לאָזט אראָב די אונטערשטע ליפּ אין'ם געטראַנק, און זי ווערט פערצווייפעלט, ווען אין דער זעלבער צייט קוקט זיך ווער איין אויף איהר האַנד. זי האַלט עס ניט אוים און גיט נאָך. זי הויבט טאַקי באַלד אָן צוצוציהען איהר האַנד צו זיך, כדי איהר צוגעגעבען א מעהר און מעהר שעהנערע פּאָזע, און דאָס אַלץ איז, צו בעהאַלטען אַ קנייטשעל אָדער א ווענינ שעהנעם נעגעלע. אַם ענדע האַלט זי שוין מעהר ניט אוים, און, ווי אויסער זיך, פרעגט זי: אויף וואָס קוקט איהר דאָס אזוי?... זי האָט איהם עפּעס־אמאָל אַ קוש געטהאָן, עפּעס־אמאָל אין אַ זומער. דאָס איז געווען אזוי לאַנג, גאָט ווייס, צי דאָס האָט אַפילו אין גאַנצען געטראָפען. ווי איז דאָס געווען, איז ער ניט געזעסען אויף אַ באַנק? זיי האָבען לאַנג זיך גערעדט און ווען זיי האָבען גענומען געהן, איז ער געגאַנגען אזוי נאָהענט פון איהר, דאָס ער האָט זיך אָנגעריהרט אָן איהר האַנד. ביי אַ טויער ערגיץ האָט זי איהם א קוש געטהאָן. איך האָב אייך ליעב! האָט זי געזאָגט... יעצט זענען זיי דורכגעגאַנגען פערביי, זיי זענען, קאַן נאָך זיין, געזעסען אין דער אַלטאַנקע. דער לייטענאַנט האָט איהם געוואָלט אויספּאַטשען, ווי ער אַליין האָט געזאָגט. ער האָט עס אויסגעצייכענט געהערט, ער איז ניט געשלאָפען, נור ער איז ניט אויפגעשטאַנען, ניט צוגעגאַנגען. אַן אָפיצער'ס האַנד, האָט ער געזאָגט. גוט. איהם איז אַלץ איינס...

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון'ם שטיין און איז אוועק נאָך זיי אין דער אַלטאַנקע. זי איז געווען לעהר. אויף'ן ווערענדע ביים הויפּט־פּליגעל איז געשטאַנען קאַמילא און איהם געררופען; ביטע, אין סאָד־צימער גיט מען קאַפּע. ער איז אוועק נאָך איהר. דאָס פּאַרל איז געזעסען אין'ם סאָד־צימער; דאָרטען האָבען זיך געפונען נאָך אייניגע. ער האָט גענומען קאַפּע, איז אַבגעגאַנגען אין אַ זייט און זיך אויסגעקליבען אַן אָרט.

קאַמילא האָט מיט איהם אָנגעהויבען רעדען. ביי איהר איז געווען אַזא קלאָרע געזיכט, זי האָט געקוקט אויף איהם מיט צועפּענטע אויגען, איהם איז געווען אונמעגליך זיך ניט אונטערצוגעבען, ער האָט גערעדט מיט איהר, געענטפערט אויף איהרע פראַגען און געלאַכט. וואו ער איז פערפאַלען געוואָרען? אין גאָרטען? אין גאַנצען ניט אמת, זי האָט אויסגעזוכט דעם גאַנצען סאָד און איהם ניט געטראָפען. ניין, אין סאָד איז ער ניט געווען.

— ער איז געווען אין סאָד, וויקטאָריע? — פרעגט זי.

וויקטאָריע ענטפערט:

— ניין, כ'האָב איהם ניט געזעהן.

דער לייטענאַנט וואַרפט אויף איהר אַ בעטריבטען בליק און, צו פערהיטען זיין כלה, האָט ער אוננוציג מיט אַ הויכע שטימע געשריען דורך דעם גאַנצען צימער צום פריץ:

— איהר האָט אויף אַן אמת מיר געוואָלט מיטנעהמען אויף געיעג נאָך וואַלד־שנעפּען?

— נו, יאַ — ענטפערט דער פריץ — מיר בעטען אייך זעהר.

דער לייטענאַנט קוקט אויף וויקטאָריע'ן. זי רעדט גאָר ניט און זיצט ווי פריהער, זי האַלט איהם ניט אָב פון דער געיעג מיט'ן פריץ.

עס בייט זיך אַלץ מעהר און מעהר די פאַרב אין זיין פּנים און מיט אַ נערוועזער בעוועגונג גיט ער אַ גלעט זיינע וואָנצעס.

קאַמילא ווענדט זיך ווידער צו וויקטאָריע'ן מיט אַ פראַגע. דאַמאָלס שטעהט דער לייטענאַנט אויף מיט אַ ראַשער בעוועגונג און רעדט צום פריץ:

— גוט, איך פאָהר מיט אייך היינט ביינאַכט, אָט שוין.

מיט די דאָזיגע ווערטער פערלאָזט ער דעם צימער. דער פריץ

און אייניגע אנדערע געהען נאך איהם. ס'האט גענומען הערשען א קורצע שטילקייט.

פלוצלינג עפענט זיך אויף די טיהר, און ס'געהט ווידער אריין דער לייטענאנט. ער איז זעהר אויפגערעגט.

— דו האסט פערגעסען וואס? — פרעגט איהם וויקטאריע און שטעלט זיך אויף.

אונטערשפרינגענדיג, מאכט ער עטליכע שריט צום טיהר, גלייך ווי ער האט קיין כח ניט צו שטעהן רוהיג און געהט צו גלייך צו יא־האנעס'ען, וועלכען ער גיט ווי כלומרשט פערבייגעהענדיג א טשעפע מיט'ן האנד.

— עי, א ביסעל פארזיכטיגער, איהר האט מיר א זעץ געטהאן אין אויג — האט יאהאנעס געזאגט און האט זיך דומפף צולאכט.

— איהר האט א טעות — האט געענטפערט דער לייטענאנט — איך האב עס אייך געגעבען איבער'ן באק. פערשטאנען? פער־שטאנען?

יאהאנעס האט ארויסגענומען זיין נאז־טיכעל און אויסווישענדיג די אויג, געזאגט:

— איהר האט עס ניט געמיינט. דען איהר ווייסט דאך, אז איך קאן אייך אויפלעגען אין צווייען און אריינשפארען אין קעשענע.

און דערביי איז ער אויפגעשטאנען.

דאמאלסט האט דער לייטענאנט ראש אויפגעעפענט די טיהר און איז ארוים.

— איך האב עס טאקע געמיינט! — האט ער אריינגעשריען צו־ריק אין צימער — איך האב עס געמיינט, גולם.

און ער האט מיט א קלאפעריי פערשפארט די טהיר.

יאהאנעס האט זיך ווידער געזעצט.

וויקטאריע איז נאך אלץ געשטאנען אונגעפעהר אין מיטען צי־מער. זי האט געקוקט אויף איהם און איז בלייך געווען ווי א מת.

— ער האט אייך א קלאפ געטהאן? — האט קאמילא זעהר ער־שטוינט געפרעגט איהם.

— ניט ווילענדיג האט ער מיר געטראפען אין אויג. גיט א קוק.

— גאט מיינער, איז רויט געווארען, ס'געהט בלוט. ניין, ניט ווישט, איך וועל עס אבוואשען מיט וואסער. ביי אייך איז אזא

גראָבע נאָז־טיכעל, קוקט אהער, בעהאַלט איהר; איך וועל נעהמען מיינע. וואָס איז דאָס פאַר אַ שטייגער, גלייך אין אויג אריין!

וויקטאָריע האָט אויך אָבגעגעבען איהר טיכעל. זי האָט גאָר־ניט געזאָגט, נאָר איהרע ליפּען האָבען געציטערט. דערנאָך איז זי מיט זעהר לאַנגזאַמע טריט צוגעגאַנגען צו דער גלעזערנער טהיר, וואו זי איז געשטאַנען מיט'ן רוקען צום צימער ארויס, און געקוקט. זי האָט צוריסען איהר נאָז־טיכעל אויף קליינע בענדעלעך. אין עטליכע מינוט אָרום האָט זי אויפגעעפענט די טהיר, און שווייגענדיג, שטיל האָט זי פערלאָזען דעם סאָד־צימער.

9.

קאַמילא איז פרעהליך געגאַנגען צום מיהל. זי איז געווען אליין. זי איז אריין גלייך אין שטיבעל און מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— פּערצייהט, וואָס כ'האָב ניט אָנגעקלאַפּט. דער טייך רוישט דאָ אַזוי, אַז כ'האָב גערעכענט, ס'וועט ניט העלפען. זי האָט זיך אומ־געקוקט און אויסגעשריען: — אַך, ווי ליעב דאָ איז! ווי ליעב! און און וואו איז יאָהאַנעס? איך קען יאָהאַנעס'ען. וואָס מאַכט זיין אויג?

מ'האָט איהר דערלאַנגט אַ שטוהל און זי האָט זיך געזעצט.

יאָהאַנעס'ען האָט מען ארויסגערופען פון מיהל. די אויג איז געווען אָנגעשוואָלען, אָנגעלאָפען מיט בלוט.

— איך בין אליין געקומען — האָט געזאָגט קאַמילע, ווען ער איז אריין. — מיר האָט זיך אַזוי פערגלוסט דורכגעהן אהער. לעגט אַלץ צו קאַלטע וואַסער צום אויג.

— מ'דאַרף ניט — האָט ער געענטפערט — ניין. גאָט איז מיט אייך, צו וואָס זענט איהר אהערגעקומען? איהר ווילט בעקוקען די מיהל? אַ דאַנק, וואָס איהר זענט געקומען. — ער האָט אַרומגענו־מען זיין מוטער, צוגעפיהרט איהר און געזאָגט: — דאָס איז מיין מאַמע.

זיי זענען געגאַנגען אראָב צום מיהל. דער אַלטער מילנער האָט ניעדריג אראָבגענומען דעם הוט און האָט עפּעס געזאָגט; קאַמילא האָט ניט פאַנאַנדערגעהערט, נאָר זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און גע־זאָגט אויף גאָט'ס בעראָט:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק. יאָ, מיר האָט זיך זעהר געוואָלט בעקוקען די מיהל.

דער גערויש האָט איהר געשראָקען, זי האָט געהאַלטען יאָהאַנעס'ען פאַר'ן האַנד און האָט אויסגעשטעלט גרויסע, אויפמערקזאַמע אויגען אויף די צוויי מאַנסבילען: וועלען זיי ניט זאָגען עפּעס? זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ טויבער. די פּיעל רעדער און געצייג פון דער מיהל האָבען איהר ערשטוינט, זי האָט געלאַכט, געטרייסעלט יאָהאַנעס'ען די האַנד און געוויזען אין אַלע זייטען. מ'האָט די מיהל אָבגעשטעלט און וויעדער געלאָזט געהן, צו ווייזען איהר אַלצדינג.

שוין אַ גוטע שעה נאָכ'ן אוועקגעהן פון מיהל האָט קאַמילא גערעדט קאָמיש הויך, גלייך ווי דער גערויש וואָלט נאָך געשטאַנען ביי איהר אין די אויערען.

יאָהאַנעס האָט איהר אָבגעפיהרט אויף צוריקוועגס ביז צום שלאָס.

— קענט איהר פערשטעהן, ווי האָט ער זיך דערוועגט אַ קלאַפּ צו טהאָן אייך אין אויג? — האָט זי געזאָגט — דערפאַר האָט ער זיך גלייך אָבגעטראָגען, ער איז אוועקגעפאָהרען מיט'ן פריץ אויף יאגד. אַן אונגעהויער־אַנגענעהמע געשיכטע. וויקטאָריע האָט דערצעהלט, אַז זי האָט ניט געקענט שלאָפען אַ גאַנצע נאַכט.

— הייסט עס, אַז זי קען שלאָפען ביינאַכט — האָט ער געענטפערט — ווען קלעהרט איהר אהיים פאָהרען?

— מאָרגען. און איהר ווען וועט זיין אין שטאָדט?

— הערבסט־צייט. קען איך זיך זעהן מיט אייך פארנאַכט?

זי האָט אויסגעשריען:

— נו, געוויס! איהר האָט מיר דערצעהלט עפּעס וועגען אַ הייל, מוזט איהר מיר ווייזען.

— איך וועל קומען נאָך אייך — האָט ער געזאָגט.

אויף צוריקוועגס אהיים איז ער לאַנג געזעסען אויף אַ שטיין, פערטיעפט אין חלומות. אַ וואַרימער און גליקליכער געדאַנק איז געבוירען געוואָרען אין זיין הארץ.

אָווענד־צייט האָט ער זיך געלאָזט געהן צום שלאָס, איז געבליבען שטעהן אויף'ן הויף און געשיקט זאָגען קאַמילע'ן. בשעת ער איז געשטאַ־

נען און געוואָרט, האָט זיך אין אַ פענסטער אויף'ן צווייטען שטאָק בעוויזען אויף אַ רגע וויקטאָריע; שטאַר האָט זי אויף איהם אַ בליק געטהאָן, האָט זיך אויסגעדרעהט און פערשוואונדען געוואָרען אין צימער.

ס'איז געקומען קאַמילע, ער האָט איהר געפיהרט צו דער שטיינ־האַקעריי און היָיל. ער איז געוועזען זעהר רוהיג און גליקליך אויפגעלעגט, די יונגע מיידעל האָט איהם פרעהליך געמאַכט, איהרע ליכטיגע, לייכטע רייד האָבען אויפגעבליצט אַרום איהם, ווי אַ ברכה. היינט זענען גוטע גייסטער געוועזען אַרום איהם...

— איך געדענק, קאַמילע, אַז אַמאָל האָט איהר מיר געשאָנקען אַ קינזשאַל אין אַ זילבערנער שייד. איך האָב איהם אַריינגעלעגט אין קעסטעל צוזאַמען מיט די אַנדערע זאַכען; ווייל כ'האָב איהם ניט געדאַרפט.

— יאַ, איהר האָט איהם ניט געדאַרפט; נו איז וואָס?

— יאַ, איצט האָב איך איהם פערלוירען.

—ס'אַרא אונגליק. נאָר ס'קען זיין כ'וועל קריגען אַן אַנדערען אָנשטאָט איהם. כ'וועל זעהן.

זיי זיינען געגאַנגען אַהיים.

— און איהר געדענקט דעם שווערען מעדאַליאָן, וואָס איהר האָט מיר אַמאָל געשאָנקען! ער איז געוועזען זעהר מאַסיוו און שווער, פון גאָלד. אין מעדאַליאָן האָט איהר אָנגעשריבען אַ פּאָר צערטליכע ווערטער.

— יאַ, כ'געדענק.

— פאַר אַ־יאָהרען, אין אויסלאַנד, האָב איך אַוועקגעגעבען דעם מעדאַליאָן, קאַמילע.

— אָ, וואָס רעדט איהר, טאַקע? אויף אַן אמת, אָבגעגעבען! אָבער פאַרוואָס?

— דעם מעדאַליאָן האָט פון מיר געקראָגען מיינער אַ יונגער חבר, אַן אַנדערער. אַ רוס. ער איז געפאַלען אויף די קניע און האָט מיר געדאַנקט.

— אַזוי האָט ער זיך דערפרעהט? גאָט מיינער, איך בין זיכער, דאָס האָט איהם געפרעהט ביז צו משוגעת, אַז ער איז געפאַלען אויף

די קניע. דערפאר וועט איהר קריגען אן אנדער מעדאליאן איהר זאלט איהם אליין טראגען.

זיי זענען ארוים אויף'ן וועג צווישען מיהל און שלאס.

יאהאנעס האט זיך אבגעשטעלט און געזאגט:

— ביי דעם קוסט איז אמאל מיט מיר עפּעס געשעהן. איך בין עפּעס געקומען אהער אוועגד־צייט, אזוי פלעג איך אפט טהאן אין מיין איינזאמקייט פון יענער צייט, ס'איז געווען זומער און א פיינער וועטער. כ'האב זיך געלעגט אונטער'ן קוסט און געקלערט. האבען זיך אויף'ן וועג שטיל בעוויזען צוויי מענשען. די דאמע איז געבליבען שטעהן. איהר בעגלייטער האט געפרעגט: פארוואס זענט איהר געבלי־בען שטעהן? נאר ער האט ניט בעקומען קיין ענטפער, און ער האט נאכאמאל געפרעגט. איז עפּעס געשעהן? ניין, האט זי געענטפערט; איהר דארפט ניט קוקען אויף מיר אזוי. כ'בין נאר געגאנגען און געקוקט אויף איך, האט ער געזאגט. יא, האט זי געענטפערט, איך וויים, אז איהר האט מיך ליעב, נאר מיין פּאפּא וויל דאס ניט דער־לאזען, איהר פערשטעהט; דאס איז אונמעגליך. ער מורמעלט, יא, דאס איז אונמעגליך. דאמאלס זאגט זי: איהר האט אזא ברייטע האנד, א דא; איהר האט אזעלכע ברייטע האנד־געלענקען! און אין דערזעלבער צייט נעהמט זי איהם אן פאר'ן האנד.

שטיל־שוויינען.

— יא, מיט וואס זשע האט עס זיך געענדיגט? — האט געפרעגט קאמילע.

— כ'וויים ניט, — האט געענטפערט יאהאנעס — צו וואס האט זי עס געזאגט ווענען זיינע האנד־געלענקען?

— ס'קען זיין, זיי זיינען געווען שעהנע. און געוועזן איז ער אין א ווייסער העמד, א, איך פערשטעה דאס גוט. ס'קען זיין, זי האט איהם גאר ליעב געהאט.

— קאמילע! — האט ער אויסגעשריען. — ווען איך זאל אייך זעהר ליעב האבען און ווארטען עטליכע יאהר, איך פרעג נאר... מיט איין ווארט, איך בין אייך ניט ווערט, נאר רעכענט איהר, אז איהר וועט וועלען אמאל ווערען מיינע, ווען איך זאל אייך בעטען איבער א יאהר, אדער אין צוויי יאהר ארום?

שטיל־שוויינען.

פלוצלונג איז קאַמילע שטאַרק רויט און צוטומעלט געוואָרען, מיט איהר צאַרטען קערפּער בויגט זי זיך הין און צוריק און לעגט צונויף די הענד. ער נעהמט איהר אָרום פאַר׳ן טאַליע און פרעגט:

— איז דאָס מעגליך אַמאָל? איהר ווילט?

— יא, ענטפערט זי און טוליעט זיך צו איהם.

דעם אַנדערן טאָג בעגלייט ער איהר צום דאַמפפער. ער קושט איהרע קליינע קינדערשע אונשולדיגע הענד און איז פול מיט דאַנק־באַרקייט און פרייד.

וויקטאָריע איז ניט געווען.

— פאַרוואָס פיהרט דיך קיינער ניט אָב?

מיט שרעק אין די אויגען דערצעהלט קאַמילע, אז אין שלאָס איז אַן אונגעהייערער אונגליק. אין דער פריה איז אַנגעקומען א טעלע־גראַמע, דער ווירט פון שלאָס איז בלייך געוואָרען ווי דער טויט, דער אַלטער קאַמערהער און זיין פרוי האָבען א געשריי געטהאָן פון וועהטאָג.

— נעכטען אויף׳ן יאַגד האָט מען געשאָסען אָטטאָ׳ן.

יאָהאַנעס האָט אַרומגעכאַפּט קאַמילע׳ן.

— געשאָסען? דעם לייטענאַנט?

—יא, זיי פיהרען זיין קערפּער. ס׳א שרעק!

זיי זיינען אַוועק ווייטער, יעדער מיט זיינע געדאַנקען; און נאָר דער עולם ביי׳ן ברעג, דער דאַמפפער, די געשרייען פון קאַפּיטאַן האָבען זיי אויפגעוועקט. קאַמילע האָט איהם שעמעוודיג דערלאַנגט די האַנד, ער האָט א קוש געטהאָן און געזאָגט:

— יא, יא, איך בין דיך ניט ווערט, ניין, אין קיין זין ניט. נאָר כ׳וועל טהאָן פאַר דיר אַלץ, וואָס כ׳וועל קענען, אויב דו וועסט איינ־שטימען צו זיין מיינע.

— כ׳וועל זיין דיינע. כ׳האָב דאָס געוואָלט די גאַנצע צייט, די גאַנצע צייט.

— כ׳וועל קומען צו פאָהרען אין א פאָר טאָג אַרום, — האָט ער געזאָגט. — אין א וואָך אַרום וועל איך זיך ווידער זעהן מיט דיר.

זי איז אַרויף אויף׳ן דאַמפפער, ער האָט געמאַכט צו איהר מיט׳ן האַנד, ביז זי איז פערשוואונדען פון אויג. ווען ער האָט זיך אויסגע־דרעהט און געוואָלט אהיים געהן, איז פון הינטען געשטאַנען וויק־

טאָריע; און זי האָט געהאַלטען איהר נאָז־טיכעל און געפּאַכט צו קאַמילע׳ן.

— איך בין געקומען צו שפּעט, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט ניט געענטפערט. וואָס האָט ער, אייגענטליך, געקענט איהר זאָגען. טרייסטען איהר, גראַטולירען, דריקען איהר די האַנד? איהר שטימע איז געווען אָהן קלאַנג, און אַזאַ טיעפע צוטומעלטקייט איז געווען אויף איהר פּנים, ס׳איז קענטיג געווען, אַז זי האָט איבער־געלעבט עפּעס שווערעס.

דער עולם אויף׳ן ברעג איז זיך צוגאַנגען.

— אייער אויג איז נאָך אַלץ רויט — האָט זי געזאָגט, און אין דער זעלבער צייט אָנגעהויבען געהן. זי האָט זיך אומגעקוקט אויף איהם.

ער איז געשטאַנען.

דאַמאָלסט האָט זי זיך מיט אַמאָל אויסגעדרעהט צוריק און איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— אָטטאָ איז געשטאָרבען, — האָט זי געזאָגט שאַרף, און די אויגען איהרע האָבען געברענט. — איהר רעדט ניט אוים קיין וואָרט, אַזוי גרוים זייט איהר. ער איז געווען טויזענד מאָל בעסער פון אייך, איהר הערט. איהר ווייסט, ווי אַזוי ער איז געשטאָרבען. מען האָט איהם געשאָסען, זיין גאַנצער קאָפּ איז צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקלעך, זיין גאַנצער קליינער, נאַרישער קאָפּ. ער איז געווען טויזענד מאָל....

זי האָט זיך צויאָמערט און מיט גרויסע פערצווייפעלטע טריט איז זי אוועק אַהיים.

שפּעט ביי דער נאַכט הערט זיך אַ קלאַפּען ביי׳ן מילנער, יאָהאַנעס עפענט די טיהר און קוקט אַרוים; אויף׳ן הויף שטעהט וויקטאָריע און שאָקעלט צו איהם מיט׳ן קאָפּ. ער געהט צו צו איהר. זי כאַפּט שטאַרק אָן זיין האַנד און פיהרט איהם אוועק מיט זיך אויף׳ן וועג; איהר האַנד איז קאַלט, ווי אייז.

— זעצט זיך בעסער — האָט ער געזאָגט. — זעצט זיך און רוהט זיך אָב אַביסעל, איהר זענט אַזוי אויפגערעגט.

זיי זעצען זיך.

זי מורמעלט:

— וואָס מוזט איהר טראַכטען וועגען מיר, וואָס איך לאָז אייך ניט צו רוה!

— איהר זענט זעהר אונגליקליך — ענטפערט ער. — איצט מוזט איהר מיר פאָלגען און בערוהיגען זיך, וויקטאָריע. קען איך אייך העלפען מיט עפּעס?

— דעם הימעלשען פאָטער'ס ווילען, איהר מוזט מיר פערגעבען אַלץ, וואָס איך האָב אייך היינט געזאָגט! — האָט זי זיך געבעטען. — אָ, איך בין זעהר אונגליקליך, איך בין געווען אונגליקליך פיעל יאָהר. איך האָב געזאָגט, אַז ער איז טויזענד מאָל בעסער פאַר אייך; דאָס איז ניט אמת, פערגיט מיר! ער איז געשטאָרבען, און ער איז געווען מיין חתן, דאָס איז אַלץ. איהר מיינט, אַז דאָס אַלץ איז געשעהן מיט מיין גוטען ווילען? יאָהאַנעס, איהר זעהט? אָט איז מיין פערלאָבונגס־רינג, כ'האָב איהם געקראָגען מיט אַ לאַנגע צייט צוריק, אַ לאַנגע צייט; איצט וואַרף איך איהם אַוועק — כ'וואַרף אַוועק. — און זי האָט אַ וואָרף געטהאָן דעם רינג אין וואָלד אַריין; זיי האָבעןביידע געהערט, ווי ער איז אַראָבגעפאַלען. — דאָס האָט מיין פּאַפּאַ געוואָלט. מיין פּאַפּאַ איז אָרעם, ער איז גאָר אַן אָרעמאַן, און אָטטאָ האָט געזאָלט קריגען אַזוי פיעל געלד. דו דאַרפסט דאָס טהאָן, האָט מיין פּאַפּאַ געזאָגט. איך וויל ניט, — האָב איך געענטפערט. האָב אין זינען דיינע עלטערען, — האָט ער געזאָגט, — האָב אין זינען דעם שלאָס, אונזער אַלטען נאָמען, מיין עהרע. — יאַ, אויב אַזוי וויל איך — האָב איך געענטפערט — וואַרט דריי יאָהר, נאָר איך וויל. מיין פּאַפּאַ האָט מיר געדאַנקט און געוואַרט, אָטטאָ האָט געוואַרט, אַלע האָבען זיי געוואַרט; נאָר דעם רינג האָב איך גלייך געקראָגען. און ס'איז אַוועק אַ לאַנגע צייט, און כ'האָב זיך אַרומגעזעהן, אַז קיין זאַך העלפט מיר ניט. צו וואָס זאָלען מיר לענגער וואַרטען? איצט פיהר מיין מאַן אַהער, האָב איך געזאָגט דעם פּאַפּאַ'ן. — גאָט זאָל דיך בענשען — האָט ער געזאָגט און מיר אויפס־ניי געדאַנקט, פאַר דעם, וואָס כ'האָב געוואָלט טהאָן. און אָט איז געקומען צופאָהרען אָטטאָ. בין איך ניט געגאַנגען צום האַפען בעגעגענען איהם, כ'בין געשטאַנען אין פענסטער און געקוקט, ווי ער איז צוגעפאָהרען. דאַמאָלס בין איך צוגעלאָפען צו דער מאַמאַ און געפאַלען אויף די קניה פאַר איהר. וואָס איז מיט דיר, מיין קינד? — האָט זי געפרעגט. — ניין, כ'קען איהם

ניט צונעהמען, ער איז געקומען צופאָהרען, ער שטעהט דאָרט אונטען; נאָר בעסער פארסטראָכירט מיך, וועל איך זיך אריינוואַרפען אין ים אָדער אין טייך, וועט מיר בעסער זיין. — די מאַמע ווערט בלייך, ווי דער טויט און וויינט איבער מיר. ס'קומט דער פאַפאַ. — יא, מיין טהייערע וויקטאָריע, איצט דאַרפסטו אראָבגעהן צונעהמען איהם — זאָגט ער. — איך קען ניט, איך קען ניט, ענטפער איך און זאָג נאָכ־אַמאָל, — ער זאָל רחמנות האָבען און פארסטראָכירען מיין לעבען. — דער פאַפאַ ענטפערט קיין וואָרט ניט, נאָר ער זעצט זיך אויף אַ שטול, ציטערט און קלערט. — איך זאָג: — פיהרט אהער מיין מאַן; איך נעהם איהם צו.

וויקטאָריע ווערט אנשוויגען. זי ציטערט. יאָהאַנעס נעהמט אָן אויף איהר אַנדערע האַנד און וואַרעמט זי:

— אַ דאַנק — זאָגט זי — זייט אַזוי גוט און דריקט צוזאַמען וואָס שטאַרקער מיין האַנד! כ'בעט אייך, טהוט עס! גאָט מיינער, ווי וואַרעם איהר זענט! כ'בין אייך דאַנקבאַר. נאָר דאָס, וואָס כ'האָב אייך אויף'ן האָפען געזאָגט, מוזט איהר פערגעסען.

— יאָ, דאָס איז שוין לאַנג־לאַנג פערגעסען. איהר ווילט, וועל איך אייך ברענגען אייער שאַל.

— ניין, אַ דאַנק. נאָר איהר פערשטעהט ניט, אז איך ציטער, ווייל דער קאָפּ איז ביי מיר צו היים. יאָהאַנעס, איך דאַרף בעטען, איהר זאָלט מיר אַזוי פיעל פערגעבען.

— ניין, ניין, מ'דאַרף ניט. נו, איצט זענט איהר רוהיגער. זיצט שטיל.

— איהר האָט גערעדט לכבוד מיר, איהר האָט געהאַלטען אַ רעדע. כ'בין ניט געוועזען ביי'ן זינען, ווען איהר זענט אויפגעשטאַנען און די גאַנצע צייט, ביז איהר האָט זיך געזעצט; כ'האָב בלויז געהערט אייער שטימע. אייער שטימע איז געוועזען ווי אַן אָרגעל, זי האָט מיך געבראַכט צו יאוש, זי האָט מיך משוגע געמאַכט. דער פאַפאַ האָט געפרעגט, פאַרוואָס האָב איך אַ געשריי געטהאָן און איבערגעשלאָגען אייך; ער האָט דאָס זעהר בעדויערט. נאָר די מאַמאַ האָט ניט געפרעגט, זי האָט דאָס פערשטאַנען. איך האָב דער מאַמע'ן אַלץ געזאָגט, מיט פיעל יאָהר צוריק האָב איך דאָס געזאָגט, און מיט צוויי יאָהר צוריק האָב איך דאָס נאָכאַמאָל געזאָגט, צוריקקומענדיג פון

שטאָדט. דאַמאָלס האָב איך אייך געטראָפען.

— לאָמיר ניט רעדען דערפון.

— ניין, אָבער פערגיט מיר, איהר הערט, זייט באַרמהערציג! וואָס זאָל איך טהאָן אויף דער וועלט? איצט געהט דער פּאַפּאַ אַרום אין הויז, געהט אַרום הין און צוריק אין קאַנטאָר, דאָס איז אַזוי שרעקליך פאַר איהם. מאָרגען איז זונטאַג; ער האָט בעשלאָסען אָבצוזאָגען אַלע דיענער; דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס ער האָט בעשלאָסען. זיין געזיכט איז גרוי געוואָרען, און ער רעדט קיין וואָרט ניט אויס, אַזוי האָט אויף איהם געווירקט דעם איידעמ'ס טויט. כ'האָב געזאָגט דער מאַמאַ, אַז כ'וויל געהן צו אייך. — מיר דאַרפען ביידע, דו און איך, בעלייטען מאָרגען אין שטאָדט אריין די קאַמערהערס — האָט זי געזאָגט. — איך וועל געהן צו יאָהאַנעס'ן — האָב איך נאָכאַמאָל געזאָגט. — דער פּאַפּאַ קען ניט קריגען קיין געלד פאַר אונז דרייען, אַליין וועט ער בלייבען דאָ — האָט זי געענטפערט און אַלץ גערעדט וועגען אַנדערע זאַכען. דאַמאָלס בין איך אַוועק צום טיר. די מאַמאַ האָט געקוקט אויף מיר. איצט געה איך צו איהם — האָב איך געזאָגט דעם לעצטען מאָל. די מאַמאַ איז צוגעגאַנגען צום טיר און האָט מיך אַ קוש געטהאָן און געענטפערט: — גוט, זאָל אייך גאָט בענשען!

יאָהאַנעס האָט ארויסגעלאָזט איהרע הענד און געזאָגט:

— נו, זעהט, איצט האָט איהר זיך אָנגעוואַרעמט.

— כ'דאַנק אייך טויזענדער מאָל, יאַ, איצט איז מיר וואַרעם. זאָל אייך גאָט בענשען — האָט זי געזאָגט. כ'האָב דערצעהלט דער מאַמע'ן אַלצדינג, זי האָט דערפון געוואוסט די גאַנצע צייט. — נאָר, מיין ליעבע, וועמען זשע האָסטו ליעב, קינד מיינס? — האָט זי געפרעגט. — און דו קענסט דאָס נאָך פרעגען? — האָב איך געענטפערט; — איך האָב ליעב יאָהאַנעס'ן, נאָר איהם האָב איך ליעב געהאַט, מיין גאַנצען לעבען ליעב געהאַט, ליעב געהאַט.

ער האָט זיך אַ ריהר געטהאָן.

— שוין שפּעט. איהר מיינט, מען וועט ניט איבערטראַכטען אין דער היים.

— ניין — ענטפערט זי — איהר ווייסט, אַז איך האָב אייך ליעב, יאָהאַנעס, איהר האָט דאָס דאָך געזעהן? כ'האָב אַזוי געבענקט נאָך אייך אַל' די יאָהרען, אַז קיינער, קיינער קען עס ניט פערשטעהן. כ'בין

געגאַנגען אויף דעם וועג און געטראַכט: איצט וועל איך ליעבערשט בלייבען שטעהן אין וואַלד, ביי'ן וועג; דען ער פלעגט ליעב האָבען דאָ צו געהן. און אזוי האָב איך טאַקע געטהאָן. אין יענעם טאָג, וואָס כ'בין געוואָהר געוואָרען, אז איהר זענט געקומען, האָב איך זיך אָנגעטהאָן אין אַ העלער, אַ העל-געלער קלייד, מיין האַרץ איז פערגאַנ־גען פאַר אנשטרענגונג און בענקשאַפט, כ'בין אַלץ געגאַנגען פון צימער צו צימער. — ווי דו שיינסט היינט — האָט געזאָגט די מאַמאַ — כ'בין ארומגעגאַנגען און גערעדט פאַר זיך די גאַנצע צייט: אָט איז ער ווידער צוריק אין דער היים! ער האָט צו זיך קיין גלייכען, און, איז ער אהיים געקומען, איז ער דאָס דאָפּעלט! דעם אַנדערן טאָג האָב איך שוין ניט אויסגעהאַלטען, און כ'האָב זיך ווידער אָנגעטהאָן אין געלען און אַוועק צו דער שטיינהאַקעריי, צו בעגעגענען אייך. איהר גע־דענקט? כ'האָב אייך בעגעגענט, נאָר כ'האָב ניט אָבגעריסען קיין איין בלימעל, ווי כ'האָב געזאָגט, און ניט צוליעב דעם בין איך דאָך געקומען. איהר האָט זיך שוין מעהר ניט געפרעהט, וואָס איהר זעהט מיך, נאָר דאָך אַ דאַנק אייך, וואָס כ'האָב אייך בעגעגענט. דאָס איז געווען מיט דריי יאָהר צוריק. איהר האָט געהאַלטען אַ צווייגעל אין די הענד און נאָכגעקוקט און געקלאַפּט מיט איהר, ווען איך בין געקומען; און ווען איהר זענט אַוועק, האָב איך אויפגעהויבען די צווייגעל און בע־האַלטען און מיטגענומען מיט זיך אַהיים.

— יאָ, אָבער, וויקטאָריע — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערנדער שטימע — איהר דאַרפט איצט מעהר ניט רעדען דערפון.

— ניין — האָט זי אַ דערשראָקענע געענטפערט און אָנגעכאַפּט איהם פאַר'ן האַנד. — ניין, איך דאַרף ניט. ניין, איהר ווילט דאָך עס ניט. — זי האָט איהם אָנגעהויבען נערוועז גלעטען איבער'ן האַנד. — ניין, כ'קען דאָך ניט האָפען, אז איהר זאָלט וועלען. און אויסער דעם האָב איך אייך אזוי פיעל וועה געטהאָן. וועט איהר מיר ניט פערגעבען אפילו אין אַ צייט אַרום?

— יאָ, יאָ, אַלצדינג. ניט דאָס איז עס.

— וואָס זשע דען?

שטילשווייגען.

— איך בין פערלאָבט — האָט ער געענטפערט.

דעם אנדערן טאָג — זונטאג — איז דער ווירטה פון שלאָס אליין געקומען צום מילנער און האָט איהם געבעטען, ער זאָל קומען נאָך האַלבענטאָג אָבפיהרען צום דאמפפער דעם קערפער פון לייטענאַנט. דער מילנער האָט איהם ניט פערשטאַנען און שטאַר איהם אָנגעקוקט; נאָר דער ווירטה פון שלאָס האָט איהם אין קורצע ווערטער ערקלערט, אז ער האָט אָבגעזאָגט די דיענער, אלע זענען געגאַנגען אין קירכע, און פון די דיענער איז קיינער ניט געבליבען.

דער ווירטה פון שלאָס איז, קענטיג, ניט געשלאָפען א גאַנצע נאַכט. ער האָט געהאַט אַן אויסזעהן פון א טויטען, און, אויסער דעם, איז ער געווען ניט ראַזירט. דאָך האָט ער, פון געוואוינהייט, געפאָכט מיט'ן שטעקעל און האָט זיך געהאַלטען גלייך.

דער מילנער האָט אָנגעטהאָן זיינע בעסטע קליידער און איז ארויסגעגאַנגען. ווען ער האָט איינגעשפאַנט די פערד, האָט איהם דער ווירטה פון שלאָס אליין געהאָלפען ארויסטראָגען דעם קערפער אין ברישקע אריין. אלץ האָט מען געטהאָן שטיל, כמעט געהיימניספול, קיינער איז ניט געווען, און קיינער האָט ניט געקוקט.

דער מילנער איז געפאָהרען צום האפען. פון הינטען זענען נאָכגעגאַנגען דער קאמערהער און זיין פרוי און אויסער זיי די ווירטהין פון שלאָס און וויקטאָריע. זיי זענען אלע געגאַנגען צופוס. דער ווירטה, איינער אליין, איז געבליבען אויף די טרעפ און זיך פערנייגט פיעל מאָל; דער ווינד האָט געריסען זיינע גרויע האָר.

מען האָט אַרויפגעטראָגען דעם קערפער אויף'ן דאמפפער, דערנאָך זענען אויך ארויף די בעגלייטער. די ווירטהין פון שלאָס האָט א געשריי געטהאָן צום מילנער, ער זאָל אָבגעבען א גרוס דעם ווירטה פון שלאָס, דערנאָך האָט איהם וויקטאָריע געבעטען דאָס זעלבע. און דער דאמפפער איז אָבגעפאָהרען. דער מילנער איז לאַנג געשטאַנען און איהם נאָכגעקוקט. ס'איז געווען א שטאַרקער ווינד, און דער ים האָט גערוישט; ערשט אין א פיערטעל שעה אַרום איז דער דאמפפער פערשוואונדען הינטער די אינזלען. דער מילנער איז אהיים געפאָהרען.

ער האָט אריינגעשטעלט די פערד אין שטאַל, האָט זיי געגעבען צו עסען און געוואָלט געהן איבערגעבען דעם ווירטה פון שלאָס די גרוסען, וואָס ער האָט געבראַכט. איז אָבער די טיהר פון קיך געווען פערשלאָסען. און ער איז געגאַנגען אַרום און אַרום דעם הויז און האָט גע-

וואָלט אריין דורכ'ן הויז־אריינגאנג; איז די הויז־טיהר אויך געווען פערשלאָסען. איצט איז האַלבער טאָג, — שלאָפט דער ווירטה פון שלאָס. נאָר אַ מענש איז ער געווען אַ געוויסענהאפטער, און ווילענ־דיג דאָך אויספיהרען זיין שליחות, איז ער אוועק אין צימער פון די בע־דיענטע אויסזוכען עמיצען איבערצוגעבען די גרוסען. אין דעם צימער איז אויך קיינער ניט געווען. ער איז ווידער ארוים אויף'ן הויף, געגאנגען ארום און ארום און איז אריין אין צימער פון די שטוב־מייד־לעך. דאַ האָט ער אויך קיינעם ניט געפונען. דער גאַנצער הויף איז אויסגעשטאָרבען.

ער האָט זיך שוין געקליבען ארויסגעהן, ווען ער האָט בעמערקט דעם שיין פון אַ ליכט אין קעלער פון שלאָס. ער איז געבליבען שטעהן. דורך די קליינע פערגראטעוועטע פענסטערלעך האָט ער געקענט קלאָר זעהן אַ מענשען, וואָס איז ארומגעגאנגען אין קעלער מיט אַ ליכט אין איין האנד און מיט אַ רויטען זייד־בעשלאָגענעם שטול — אין דער אנדערער. דאָס איז געווען דער ווירטה פון שלאָס. ער איז געווען ראַ־זירט און אין אַ שווארצען ראָק, ווי צו אַ יום טוב. — איך וואָלט גע־קענט אָנקלאַפּען אין פענסטער און איבערגעבען איהם דעם גרוס פון דער מאַדאַם — האָט אַ טראַכט געטהאָן דער מילנער, נאָר ער איז געבליבען שטעהן.

דער ווירטה פון שלאָס האָט זיך אומגעקוקט, איינגעהערט זיך און נאָכאַמאָל אומגעקוקט זיך. ער האָט ארויסגעשלעפּט אַ זאַק, דוכט זיך, מיט היי אָדער שטרוי, און האָט אוועקגעשטעלט ביי'ן אריינגאַנג. דערנאָך האָט ער מיט עפּעס בעגאָסען דעם זאַק פון אַ קענדעל; האָט געבראַכט עטליכע קאַסטענס, שטרוי און אַ צובראָכענעם קליינעם לייטער, און האָט דאָס אַלץ בעגאָסען פון'ם קענדעל; דער מילנער האָט בעמערקט, אַז דערביי האָט ער געזעהן ניט איינצוריכטען זיינע פינגער אָדער קליידער. ער האָט גענומען אַ קליין שטיקעל ליכט און האָט עס אוועקגעשטעלט אויף'ן זאַק, און האָט עס פאָרזיכטיג ארומגעלעגט מיט שטרוי. דאַמאָלסט האָט זיך דער ווירטה פון שלאָס געזעצט אין פאָ־טער־שטול.

דער מילנער האָט וואָס אַמאָל מעהר ערשטוינט איינגעקוקט זיך אויף די אַלע פּאָרבערייטונגען, זיינע אויגען זענען ווי צוגעשמידט גע־וואָרען צום פענסטערל פון קעלער, און אין זיין נשמה האָט זיך אריינ־

גע'גנב'עט א טונקעל פאַרגעפיהל. דער ווירטה פון שלאָס איז נאָר רוהיג געזעסען אין פאָטער־שטול און איינגעקוקט זיך אויף'ן ליכטעל, ווי עס ברענט אַלץ, ס'ברענט אויס; זיינע הענד זענען געווען צונויפגע־לעגט. דער מילנער זעהט, ווי ער שאָקעלט אָב א שטויבעלע פון'ם אָר־בעל פון זיין שווארצען ראָק און לעגט ווידער צונויף די הענד.

א צושראָקענער, טהוט דער מילנער א געשריי.

דער ווירטה פון שלאָס דרעהט אויס דעם קאָפּ און קוקט אין פענסטער. מיט אמאָל שפּרינגט ער אויף און געהט צו הארט צום פענסטער, בלייבט שטעהן און קוקט ארויס. דאָס איז געווען א בליק, אין וועלכען ס'האָט זיך פערזיגעלט דער גאַנצער פּיין פון דער וועלט. זיין מויל איז געווען מאָדנע צוקרימט, ער שטרעקט אויס צום פענסטער זיינעביידע הענד, צונויפגעדריקט אין פויסטען, און סטראַשעט, שווייגענדיג; צום סוף סטראַשעט ער נאָר מיט איין האַנד און געהט אָב צוריק ווייט אין קעלער. ער טהוט א שטויס דעם שטול, די ליכט פאַלט אום. אין דערזעלבער רגע פלאַקערט אויף א גרויסער פלאַם.

דער מילנער שפּרינגט אויף און לויפט ארויס אין דרויסען. משוגע פון שרעק לויפט ער ארום איבער'ן הויף און ווייס ניט וואָס צו טהאָן. ער לויפט צום פענסטער פון קעלער, צוברעכט מיט'ן פוס די שויב און שרייט; דערנאָך בויגט ער זיך איין, כאַפּט זיך אָן מיט די הענד פאַר די אייזערנע גראַטעס און צוטרייסעלט זיי בויגט זיי איין, רייסט זיי ארויס.

הערט ער א שטימע פון קעלער ארויס, א שטימע אָהן ווערטער, א קרעכץ, גלייך ווי פון א טויטען אונטער דער ערד, צוויי מאָל הערט זיך עס, און דער מילנער לויפט אוועק פון פענסטער, אין שרעק, אראָב צום וועג, אהיים. ער האָט מורא געהאַט אומצוקוקען זיך.

אז ער איז, א פּאָר שטונדען שפּעטער, צוריקגעקומען אהין מיט יאָהאַנעס'ן, איז דער גאַנצער שלאָס, דאָס אַלטע, גרויסע, הילצערנע הויז, געווען אין העלע פלאַמען. ס'זענען געקומען נאָך צווייען פון האָפען, נאָר זיי האָבען אויך גאָרניט געקענט טהאָן. פון אַלץ איז א תל געוואָרען.

נאָר שטום זענען געווען די ליפּען פון'ם מילנער, ווי א קבר.

---

ווערט עמיץ פרעגען וואָס איז ליעבע, איז עס ניט עפּעס אנדערש,

נאָר אַ ווינד וואָס טהוט רוישען צווישען די רויזען און ווערט דערנאָך אנשטילט. נאָר אָפּט איז זי ווי אַן אונצושטערבארער זיגעל, וואָס היט זיך דעם גאַנצען לעבען, היט זיך ביז צום טוידט. גאָט האָט בעשאַפען די ליעבע פערשידען און געזעהן, ווי אָט דויערט זי, אָט קומט זי אום.

צוויי מוטערס געהען מיט׳ן זעלבען וועג און שמועסען. איינע איז אָנגעטהאָן אין אַ פריידיג, בלוי קלייד, דען איהר געליעבטער איז אהיים געקומען פון וועג. די צווייטע איז אָנגעטהאָן אין טרויער. זי האָט געהאַט דריי טעכטער, צוויי טונקעלע, איינע אַ בלאָנדע, איז די בלאָנדע געשטאָרבען. דאָס איז געשעהן מיט צעהן יאָהר צוריק, גאַנצע צעהן יאָהר, און דאָך טראָגט די מוטער טרויער נאָך איהר.

— ווי גוט איז היינט! — קוועלט די מוטער, וואָס איז אין בלויען ,און פּאַטשט מיט די הענד. — די ווארעמקייט פער׳שכור׳ט מיך, איך בין פול גליק. כ׳וואָלט געקענט זיך אויסטהאָן נאַקעט דאָ אויפ׳ן וועג און אויסשטרעקען מיינע הענד צו דער זון און קושען איהר.

נאָר די, וואָס איז אין שווארצען, איז שטיל, און זי שמייכעלט ניט און ענטפערט ניט.

— נאָך אַלץ טרויערסטו אויף דיין קליינער מיידעלע? — פרעגט די בלויע אין׳ם אונשולד פון איהר הארץ. — איז שוין ניט צעהן יאָהר, ווי זי איז געשטאָרבען?

די שווארצע ענטפערט:

— יא, איצט וואָלט זי אַלט געווען פופצעהן יאָהר.

דאַמאָלסט זאָגט די בלויע, צו טרייסטען איהר:

— נאָר דו האָסט דאָך אַנדערע טעכטער, האָסט דאָך נאָך צוויי.

די שווארצע יאָמערט:

— יא, נאָר ס׳איז דאָך ניטאָ די בלאָנדע. די וואָס איז געשטאָרבען איז געווען אַזאַ בלאָנדע.

אוןביידע מוטערס צושיידען זיך, און יעדע געהט איהר וועג, יעדע מיט איהר ליעבע...

נאָר יעדע פון די צוויי טונקעל-לאָקיגע האָט איהר אייגענע ליעבע, און ביידע האָבען ליעב איין מענשען.

ער איז געקומען צו דער עלטערער און געזאָגט:

— איך וויל ביי אייך בעטען אַ גוטע עצה, דען כ'האָב ליעב אייער שוועסטער. נעכטען בין איך איהר אונטריי געוועזן, זי האָט מיך געטראָפען, קושענדיג איהר דיענסט אין קאָרידאָר; זי האָט לייכט אַ געשריי געטהאָן, דאָס איז געווען אַ זיפץ, און זי איז פערבייגעגאַנגען. וואָס זאָל איך איצט טהאָן? איך האָב ליעב אייער שוועסטער, אין גאָטעס ווילען רעדט מיט איהר איבער און העלפט מיר!

איז די עלטערע בלייך געוואָרען און האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן ביי'ן הארצען; נאָר זי האָט געשמייכעלט, גלייך זי וויל איהם בענשען, און זי האָט געענטפערט:

— איך וועל אייך העלפען.

דעם אַנדערען טאָג איז ער אַוועק צו דער אינגערער און איז געפאַלען פאַר איהר אויף די קניע און ענפּלעקט איהר זיין ליעבע.

זי האָט איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און האָט איהם געענטפערט:

— צום בעדויערען האָב איך בלויז צעהן קראָן איבעריגע, אויב דאָס זענט איהר אויסען. נאָר געהט צו מיין שוועסטער, זי האָט מעהר.

מיט די ווערטער, שטאָלץ אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט זי איהם פערלאָזען.

נאָר קומענדיג צו זיך אין צימער, האָט זי זיך געוואָרפען אויף דר'ערד און געבראָכען די הענד פאַר ליעבע.

אויף'ן גאַס איז ווינטער און פראָסט, נעבעל, שטויב און ווינד. יאָהאַנעס איז ווידער אין שטאָדט, אין איין אַלטען צימער, ער הערט דאָס סקריפען פון די טאַפּאַליעס אָן דער הילצערנער וואַנד, און פון פענסטער האָט ער ניט איינמאָל בעגריסט דעם אויפגעהענדען טאָג. איצט האָט די זון זיך בעהאַלטען.

די גאַנצע צייט איז ער געווען פערנומען מיט זיין ארבייט, — גרויסע בויגענס, פערשריבענע, וואָס זענען געוואָרען וואָס אַמאָל מעהר און מעהר אין דער צייט פון ווינטער. דאָס איז געווען אַ רייהע מעשה'לעך פון זיין פאַנטאַסטישער לאַנד, אַן אונענדליכע נאַכט מיט אַ רויטער זון.

נאָר טעג זיינען געווען פערשיעדענע, גוטע און שלעכטע, און צייטענווייז, ווען ס'האָט זיך איהם זעהר גוט געאַרבייט, האָט איין

געדאַנק, אַ פּאָר אויגען, אַ וואָרט, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט, געקענט אויפטויבען אין זיין זכרון און מיט אַמאָל אויסלעשען די שטימונג. דאַמאָלס איז ער אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבען אַרומצו־שפּרייזען הין און צוריק איבער׳ן צימער, פון וואַנד צו וואַנד; ער האָט דאָס אָפט געטהאָן, אויף׳ן פּאָדלאָגע איז אויסגעטראָטען געוואָרען אַ ווייס שטעגעל, און דאָס שטעגעל איז געוואָרען ווייסער וואָס אַ טאָג...

היינט, אָהן כחות צו טהאָן וואָס ניט איז אָדער צו טראַכטען, אָהן כחות צו געפינען רוה פון די זכרונות, וועל איך זיך זעצען און בעשרייבען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אַמאָל ביינאַכט. טייערער לעזער, היינט איז ביי מיר אַזאַ שרעקליך־ניט גוטער טאָג. אַ שנעע געהט, מ׳זעהט קוים אַ מענשען אויף׳ן גאַס, אַלץ איז כמורנע, און מיין נשמה איז אַזוי מורא׳דיג־פוסט. איך האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף׳ן גאַס, און דערנאָך דאָ, ביי זיך אין צימער, גאַנצע שעה׳ן האָב איך געסטאַרעט זיך צו קאָנצענטרירען מיינע געדאַנקען; נאָר דער טאָג האָט געהאַלטען ביי׳ן פערגעהן, און מיר איז ניט בעסער געוואָרען. איך, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין וואַרעם, איך בין קאַלט און בלייך, ווי אַ טאָג, וואָס לעשט זיך אויס. טייערער לעזער, איך וועל פּרובען איצט בעשרייבען אַ נאַכט פול ליכט און פריידיגער אויפרעגונג. דען אַרבייט בערוהיגט מיך, און אין אַ פּאָר שעה אַרום וועל איך ווידער זיין פול פרייד...

מ׳קלאַפּט אין טיהר, און קאַמילע סייער, זיין יונגע געהיימע בלה, געהט אריין צו איהם. ער לעגט אוועק די פעדער און שטעהט אויף, ביידע שמייכלען און בעגריסען זיך.

— דו פרעגסט זיך ניט נאָך ביי מיר וועגען באַל, — זאָגט זי גלייך און וואַרפט זיך אויף׳ן פּאָטער־שטול. — איך האָב אויסגע־טאַנצט אַלע טענץ. ס׳האָט זיך פערצויגען ביז דריי אַ זייגער. כ׳האָב געטאַנצט מיט ריטשמאָנד׳ן.

ער האָט געענטפערט:

— אַ דאַנק דיר טויזענד מאָל, וואָס דו ביסט געקומען. איך בין אַזוי אומעטיג, און דו ביזט פול מיט פרייד; דאָס וועט מיר העלפען. און ווי ביזטו געוועזן אָנגעטהאָן אויף׳ן באַל?

— אָין רויטען, פערשטעהט זיך. אָ גאָט, איך געדענק ניט, נאָך

כ'האָב, געוויס, אַ סך געדערדט, אַ סך געלאַכט. ס'איז געווען אַזוי גוט. יאָ, איך בין געווען אין רויטען, גאָר אָהן ארבעל, קיין זכר ניט. ריטשמאָנד דיענט אין דער געזאַנדטשאַפט אין לאָנדאָן.

— אַזוי.

— זיינע עלטערן זענען ענגלענדער, ער איז אָבער דאָ געבוירען געוואָרען. וואָס האָסטו געטהאָן מיט דיינע אויגען? זיי זיינען אַזוי רויט. דו האָסט געוויינט?

— ניין, — ענטפערט ער און לאַכט; — נאָר כ'האָב אָהן אויפהער איינגעקוקט זיך אין מיינע מעשה'לעך, און דאָרט איז אַזוי פיעל זון. קאַמילע, אויב דו ווילסט זיין אַן אמת ליעבע מיידעל, רייס ניט מעהר דאָס פּאַפּיר, ווי דו האָסט ערשט געטהאָן.

— אָ, גאָט מיינער, ווי כ'האָב זיך פערטראַכט: ענטשולדיג, יאָהאַנעס.

— ס'איז גאָרניט, דאָ זענען ניט מעהר ווי אַ פּאָר נאָטיצען. נאָר הער זיך איין: האָסט, געוויס, אין די האָר געהאַט אַ רויז!

— נו, יאָ. אַ רויטע רויז; זי איז געווען כמעט שוואַרץ. ווייסטו וואָס, יאָהאַנעס, מיר וואָלטען געקאָנט פאָהרען נאָך לאָנדאָן, אַלס אונזער חתונה־רייזע. דאָרט איז גאָרניט אַזוי שרעקליך, ווי מ'זאָגט, און ס'איז ניט מעהר ווי באָבע־מעשיות, אַז דאָרט זיינען אַזעלכע נעבלען.

— ווער האָט דיר געזאָגט?

— ריטשמאָנד. ער האָט דאָס געזאָגט היינט ביינאַכט, און ער ווייס. יאָ, דו ביזט בעקאַנט מיט ריטשמאָנד'ן?

— ניין. כ'בין מיט איהם ניט בעקאַנט. ער האָט אַמאָל געהאַלטען אַ רעדע לכבוד מיר; ער האָט געהאַט בריליאַנטענע שפּילקע אין העמדעל. דאָס איז אַלץ, וואָס כ'געדענק וועגען איהם.

— ער איז אַזאַ ליעבער. ניין, ווען ער איז צוגעקומען צו מיר און פערנייגט זיך און געזאָגט: איהר, פריילין, דערקענט מיר שוין אודאי ניט... הער זיך איין, האָב איך איהם געגעבען די רויז.

— געגעבען? וואָס פאַר אַ רויז?

— די וואָס איז געווען ביי מיר אין די האָר. כ'האָב זי איהם געגעבען.

— אויב אַזוי ביזטו געווען היים פערליעבט אין ריטשמאַנ'ן.

זי ווערט רויט און פערענטפערט זיך זעהר היים.

— יא, אפילו אויף אַ האָר ניט. אַ מענש קען געפעלען ווערען, מ'קען האָבען אַ גוטע מיינונג וועגען אַ מענשען, ניט.... פוי, יאָהאַנעס, ביזט פון זינען אראָב! כ'וועל שוין מעהר קיינמאָל ניט דערמאָנען זיין נאָמען.

—גאָט איז מיט דיר, קאַמילע, כ'בין ניט אויסען געווען... כ'לעבען דו דאַרפסט ניט וויינען... פערקעהרט, איך וועל איהם דאַנקען, וואָס ער האָט דיך פערוויילט.

— יא, דו וואָלסט עס בעדאַרפט טהאָן, — ענטשליסען זיך דאָס צו טהאָן! איך אָבער, פון מיין זייט, וועל ניט אויסרעדען מיט איהם מעהר קיין וואָרט.

שטיל־שווייגען.

— יא, יא, לאָז דאָס אָב — זאָגט ער. — ווילסט שוין אַוועקגעהן?

— יא, לענגער קען איך ניט. האָלסט שוין ווייט אין דיין ארבייט? די מאַמאַ האָט זיך נאָכגעפרעגט. שטעל דיר פאָר, כ'האָב זיך ניט געזעהן מיט וויקטאָריע'ן פיעל וואָכען, און איצט האָב איך איהר בעגעגענט.

— איצט?

— געהענדיג אהער. זי האָט געשמייכעלט. ניין, גאָט מיינער, ווי אָבגעצעהרט זי איז! הער זיך איין, ווערסט גיך קומען צו אונז?

— יא, גיך — ענטפערט ער און שפּרינגט אויף. אויף זיין פּנים פלאַמט אויף אַ רויטקייט. — ס'קען זיין, די טעג, פריהער דאַרף איך עפּעס אָנשרייבען, כ'האָב עס ניט לאַנג פערקלערט, די ענדע פון מיין מעשה'לע. יא, איך דאַרף עפּעס אָנשרייבען, עפּעס אָנשרייבען. שטעל דיר פאָר די ערד, ווי זי זעהט אוים פון דער הויך, אַ מאַנטעל פון אַ פּאַפּסט, אַ פּרעכטיגער און וואונדערליכער. אין די פאַלבען בלאָנקען זיך אָרום מענשען, — זיי געהען אָרום פּאָרוויז, — אַוועגד און שטילקייט, — די שעה פון ליעבע. דאָס וועט הייסען: געשלעכט. מיר דוכט, אַז דאָס וועט זיין שטאַרק; אָפּט האָב איך געהאַט די זעהונג, און יעדען מאָל האָט מיין ברוסט שיעור ניט צוריסען זיך, און איך וואָלט געקענט ארומנעהמען די ערד. דאָרט וואַנדערן מענשען און חיות, און פויגעל, און אַלעמען איז זיי בעשערט אַ שעה פון ליעבע,

קאַמילע. אַ כוואַליע פון פרייד גענעהנט, אויגען ווערען פלאַמענדיגער, ברוסטען אָטעמען. און עס הויבט זיך אויף אַ צאַרטער רויטער פלאַם פון דער ערד; דאָס איז דער פלאַם פון שעמעוודיגקייט פון אַלע נאַקעטע הערצער, און די נאַכט ווערט ראָזיג. נאָר דאָרט ווייט, אין דער טיעף שטעהען אונגעהייער־גרויסע, דרעמלענדיגע בערג; זיי האָבען גאָרניט געהערט און גאָרניט געזעהן. און אין דער פריה וואַרפט גאָט זיין וואַרעמע זון אויף אַלץ. דאָס וועט הייסען: געשלעכט.

— אַזוי.

—יאָ. און איך וועל קומען, ווען כ'וועל עס האָבען געענדיגט. טויזענד מאָל אַ דאַנק דיר, וואָס דו ביזט אריינגעקומען, קאַמילע. און דו דאַרפסט ניט געדענקען, וואָס איך האָב געזאָגט. כ'האָב ניט געמיינט קיין שלעכטס.

— כ'געדענק טאַקע גאָרניט. נאָר מעהר וועל איך שוין קיינמאָל ניט דערמאָנען זיין נאָמען. כ'וועל דאָס קיינמאָל ניט טהאָן.

דעם אַנדערן טאָג אין דער פריה קומט קאַמילע ווידער. זי איז בלייך און זעהר אונרוהיג.

— וואָס איז דיר? — פרעגט ער.

— מיר? גאָרניט — ענטפערט זי ראַש. — איך האָב נאָר דיך ליעב. דו דאַרפסט ניט מיינען, אַז מיט מיר איז עפּעס געשעהן, און אַז איך האָב דיך ניט ליעב. ניין, איצט וועסטו הערען, וואָס איך האָב אויסגעקלערט: מיר וועלען ניט פאָהרען נאָך לאָנדאָן. וואָס האָבען מיר דאָרט צו טהאָן? ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט, דער מענש; דאָרט איז מעהר נעבלען, ווי ער מיינט. דו קוקסט זיך איין אויף מיר, צו וואָס טהוסטו עס? איך האָב דאָך ניט דערמאָנט זיין נאָמען. אַזאַ ליגנער, ער האָט מיר אַזוי פיעל ליגענס אָנגעזאָגט; מיר וועלען ניט פאָהרען אין לאָנדאָן.

ער קוקט זיך איין אויף איהר, הויבט זיך אָן צוהערען.

— ניין, מיר וועלען ניט פאָהרען אין לאָנדאָן — זאָגט ער פערטראַכט.

— איאָ! אודאי, וועלען מיר ניט פאָהרען. דו האָסט געענדיגט דיין זאַך וועגען געשלעכט? גאָט מיינער, ווי דאָס אינטערעסירט מיך. דו מוזט ענדיגען וואָס גיכער און קומען צו אונז, יאָהאַנעס. אַ שיזה

פון ליעבע, ניט אזוי? און דער וואונדער־שעהנער פאפסטען־מאנטעל מיט די פאלבען און די העל־רויטע נאכט, גאט מיינער, ווי איך געדענק נאך אלץ וואס דו האסט מיר דערצעהלט. די לעצטע צייט בין איך ניט אפט געקומען אהער; פון איצט אן אבער וועל איך קומען יעדען טאג זעהן, צי דו האסט נאך ניט געענדיגט.

— איך וועל גיך ענדיגען — זאגט ער און קוקט זיך אלץ אויף איהר איין.

— נעכטען האב איך גענומען דיינע ביכער און געלעגט ביי זיך אין צימער. איך וויל זיי נאכאמאל איבערלייענען; דאס וועט מיר גארניט פערמאטערן, איך בין זעהר צופריעדען. הער זיך איין, יאהאנעס, דו וואלסט געקענט זיין ליעבליך און אבפיהרען מיך אהיים; ווייל איך וויים, אפשר איז עס א געפאהר אהיים צו געהן. כ׳וויים ניט. אפשר, ווארט מיך עמעץ אב אויפ׳ן גאס; געהט אום און ווארט מיך אב. כ׳בין כמעט זיכער.... — פלוצלינג בעגיסט זי זיך מיט טרערען און שטאמעלט: — כ׳האב איהם אנגערופען ליגנער, כ׳האב עס ניט געוואלט. ער האט מיר ניט געזאגט קיין ליגען, פערקעהרט, ער האט די גאנצע צייט... דיענסטאג וועלען ביי אונז זיין געסט, נאר ער וועט ניט זיין, און דו מוזט קומען, הערסט. זאגסט צו? נאר דאך האב איך ניט געוואלט רעדען קיין שלעכטס אויף איהם. כ׳וויים ניט, וואס דו טראכסט וועגען מיר.

ער האט געענטפערט:

— איך הויב אן צו פערשטעהן דיך.

זי ווארפט זיך איהם אויפ׳ן האלז, בעהאלט זיך אויף זיין ברוסט, א פערציטערטע, א צוטומעלטע.

— יא, נאר כ׳האב אויך דיך ליעב — שרייט זי אוים. — דו טארסט ניט טראכטען אנדערש. כ׳האב ניט איהם אליין ליעב, דען דערצו איז נאך ניט דערגאנגען. ווען דו האסט מיך געפרעגט פאר א־יאהרען, האב איך זיך אזוי דערפרעהט; נאר איצט איז ער געקומען. איך פערשטעה עס ניט. איז עס טאקע אזוי שרעקליך, פון מיין זייט, יאהאנעס? ס׳קען זיין, כ׳האב איהם ליעב א קליין ביסעל מעהר, פאר דיר; איך קען דאס ניט אנדערש מאכען, דאס איז מיך בעפאלען. א גאט, כ׳האב ניט געשלאפען פיעל נעכט, זינט כ׳האב איהם דערזעהן, און איך האב איהם ליעב אלץ מעהרער און מעהרער. וואס זאל איך

טהאָן? דו ביזט אזוי פיעל עלטער, דו דארפסט מיר זאָגען. איצט האָט ער מיך בעלייט אהער, ער שטעהט אויף'ן גאַס און ווארט, צו בעלייטען מיך אהיים, און איצט איז ער, אפשר, פערפרוירען געוואָרען. דו פערראכטעסט מיך, יאָהאַנעס? כ'האָב איהם ניט געקושט, ניין, ניט געקושט, דארפסט מיר גלויבען; כ'האָב איהם בלויז געגעבען מיין רויז. פאַרוואָס ענטפערסטו ניט, יאָהאַנעס? דו מוזט מיר זאָגען, וואָס כ'זאָל טהאָן, דען לענגער וועל איך ניט אויסהאַלטען.

יאָהאַנעס איז שטיל געזעסען און צוגעהערט זיך. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב ניט וואָס צו ענטפערן.

— א דאַנק, א דאַנק, טייערער יאָהאַנעס, ס'איז זעהר ליעב פון דיר, וואָס דו ביזט ניט בייז געוואָרען — האָט זי געזאָגט און זיך געוויישט די טרערען. — נאָר דו דארפסט ניט טראַכטען, אז איך האָב דיך ניט ליעב. גאָט מיינער, כ'וועל קומען צו דיר עפטער ווי פריהער און טהאָן אַלצדינג, וואָס דו ווילסט. אָבער איהם האָב איך דאָך ליעב מעהר פון דיר. כ'האָב עס ניט געוואָלט. איך בין ניט שולדיג.

ער איז שווייגענדיג אויפגעשטאַנען, אָנגעטהאָן דעם הוט און געזאָגט:

— שוין צייט אפשר.

זיי זענען אראָב אויף די טרעפּ.

אויף'ן גאַס איז געשטאַנען ריטשמאָנד. דאָס איז געווען א שוואַרץ-האָריגער יונגער מענש מיט קאַרע אויגען, פול מיט יוגענד און לעבען. דער פראָסט האָט זיינע באַקען רויט אָנגעפאַרבט.

— איהר זענט פערפרוירען געוואָרען? — האָט געזאָגט קאַמילע און איז צוגעלאָפען צו איהם.

איהר שטימע האָט געציטערט פון אויפרעגונג. פּלוצלונג איז זי צוריקגעלאָפען צו יאָהאַנעס'ן, האָט איהם גענומען אונטער'ן האַנד און געזאָגט:

— פערצייה מיר, וואָס כ'האָב דיך אויך ניט געפרעגט, צי איז דיר ניט קאַלט. דו האָסט ניט אָנגעטהאָן קיין פּאַלטאָ; געהן ברענגען איהם? ניין? יא, אָבער דעם רעקעל קנעפּעל צו.

זי האָט איהם פערקנעפּעלט דעם רעקעל.

יאָהאַנעס האָט ריטשמאָנד׳ן אויסגעשטרעקט די האַנד. ער איז געווען מאָדנע, צושטרייט, גלייך ווי דאָס, וואָס איז געשעהן, איז איהם ניט נגוע. אונענטשלאָסען, מיט אַ האַלבען שמייכעל, האָט ער געשמייכעלט און געמורמעלט:

— מיך וועט פרעהען ווידער צו זעהן זיך מיט אייך.

אויף ריטשמאָנד׳ס פּנים איז ניט געווען צו בעמערקען ניט קיין אויסדרוק פון שולדיגקייט, ניט פון מאַכען זיך. ווען זיי האָבען זיך בעגריסט, האָט איבער זיין געזיכט דורכגעשוועבט די פרייד פון דער בעגעגניש, און ער האָט ניעדריג אַראָבגענומען דעם הוט.

— ניט לאַנג האָב איך געזעהן אייערען אַ בוך אין פענסטער פון אַ בוך־געשעפט אין לאָנדאָן — האָט ער געזאָגט. — מ׳האָט איבערגעזעצט. ס׳איז געווען אַזוי אַנגענעהם צו זעהן, ווי אַ גרוס פון דער היימאַט.

קאַמילע איז געגאַנגען אין דער מיט און געקוקט אָט אויף דעם, אָט אויף דעם אַנדערן. צום סוף האָט זי געזאָגט:

— הייסט עס, ועסטו קומען דינסטאַג, יאָהאַנעס. אָ, פערצייהע, וואָס איך טראַכט נאָר וועגען זיך, — האָט זי זיך צולאַכט. באַלד האָט זי אָבער, מיט חרטה, געווענדעט זיך צו ריטשמאָנד׳ן און האָט איהם אויך געבעטען קומען. ס׳וועלען זיין נאָר בעקאַנטע, וויקטאָריע און איהר מוטער זענען אויך איינגעלאַדען, און נאָך אַ מענשען צעהן וועלען זיין.

יאָהאַנעס האָט זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט און געזאָגט:

— אין דער אמת׳ן, וועל איך גערן אַהיים געהן.

— צום ווידערזעהן, דינסטאַג — האָט געענטפערט קאַמילע.

ריטשמאָנד האָט אָנגענומען זיין האַנד און האָט זי אויפריכטיג געדריקט.

און אָט זענען זיי, יונגע, איינזאַמע און גליקליכע, זייער וועג געגאַנגען.

די מוטער אין בלויען איז געווען מורא׳דיג אויפגערעגט, יעדע רגע האָט זי געוואַרט אויף אַ סיגנאַל פון סאַד, אָבער דער וועג פון סאַד איז געווען פערנומען, קיינער האָט דאַרט ניט געקענט דורכגעהן, ביז איהר מאַן איז ניט אַוועק פון הויז. אָ, דער מאַן, דער מאַן מיט זיינע פערציג יאָהר און ליסע קאָפּ! ס׳אַראַ בייזער געדאַנק האָט איהם

אזוי בלייך געמאכט היינט אָווענד און צוגעשמידט צום שטול, פעסט און אונ'רחמנות'דיג, וואו ער זיצט, ניט אָברייסענדיג זיך פון זיין ציימונג?

זי האָט ניט קיין מינוט רוה; איצט איז געווען עלף אזייגער. די קינדער זענען שוין לאנג געגאנגען שלאָפען; נאָר דער מאן איז אַלץ געבליבען אין דער היים. וואָס וועט זיין, ווען ס'וועט זיך הערען דער סיגנאַל, א טיהר וועט זיך עפענען מיט א קליינעם, טייערען שליסעל — און צוויי מענער וועלען זיך בעגעגענען, וועלען בלייבען שטעהן פּנים אל פּנים און וועלען איינער דעם אנדערען אין די אויגען אריינקוקען!

זי האָט ניט געוואגט צו דערטראַכטען דעם געדאַנק ביז'ן סוף.

זי איז אוועק אין טונקעלסטען ווינקעל פון צימער, האָט געבראָכען די הענד און צום סוף, האָט זי אָפענהערציג געזאָגט:

— שוין עלף. אויב דו ווילסט געהן אין קלוב, איז שוין צייט.

ער איז אויפגעשטאַנען מיט אמאָל, נאָך בלייבער ווי פריהער, און איז ארוים פון צימער, ארוים פון הויז.

הינטער'ן סאָד בלייבט ער שטעהן און הערט א פייף, א קליינעם סיגנאַל. ס'הערען זיך טריט איבער'ן וועג, וואָס איז אויסגעשאָטען מיט דינעם גרוז, אין דער טיר־שלאָס שטעקט זיך אריין א שליסעל, דרעהט זיך אוים; א ווייַלע שפּעטער בעווייזען זיך צוויי שאָטענס אויף'ן פאָרהענגעל אין צימער.

און ער האָט שוין פריהער געוואוסט דעם סיגנאַל, די טריט, צוויי שאָטענס אויף'ן פאָרהענגעל, אלץ האָט ער געוואוסט.

ער געהט אין קלוב. דער קלוב איז אָפען, די פענסטער זיינען ליכטיג; נאָר ער געהט ניט אריין. א האַלבע שעה דרעהט ער זיך ארום אין די גאַסען און פאַר'ן סאָד, צוויי אונענדליכע פערטעל שעה. לאָזט מיר וואַרטען נאָך א פערטעל שעה! טראַכט ער, און וואַרט ביז דריי פערטעל. און ער געהט אריין אין סאָד, געהט ארויף די טרעפּ און קלינגט אָן ביי זיך אין טיהר.

ס'קומט די דיענסט און עפענט, רוקט ארוים דעם קאָפּ אין טיהר און זאָגט:

— די מאַדאַם האָט שוין לאנג, לאנג....

— יא, יא, געלעגט זיך שלאָפען — ענטפערט ער. — גיט איבער דער מאַדאַם, אז איהר מאן איז אַהיים געקומען.

און די דיענסט געהט אוועק. זי קלאַפּט אָן צו דער מאַדאַם און גיט איבער דורך דער צוגעמאַכטער טיהר:

— כ׳מוז אָנזאָגען, אַז דער הערר איז אַהיים געקומען.

די מאַדאַם פרעגט פון אינוועניג:

— וואָס זאָגסטו, דער הערר איז אַהיים געקומען? ווער האָט דיר געהייסען מיר אָנזאָגען?

— דער הערר אַליין. ער שטעהט הינטער׳ן טיהר.

דאַמאָלס הערט זיך הינטער׳ן טיהר אַן אונבעהאָלפענער זיפץ אין דער מאַדאַם׳ס צימער; ס׳הערט זיך אַ הייסער שעפּטשען, עפּעס אַ טיהר עפענט זיך און פערשליסט זיך וויעדער. דערנאָך ווערט אַלץ אַנטשטילט.

און ס׳קומט אריין דער הערר. די פרוי בעגעגענט איהם, און דאָס האַרץ פערגעהט ביי איהר.

— דער קלוב איז געווען פערמאַכט — זאָגט ער גלייך, פון מיטלייד און גענאָד, — כהאָב דיר געשיקט זאָגען, זאָלסט זיך ניט איבערשרעקען.

זי פאַלט אין פאָטער־שטול, אַ געטרייסטע, בעפרייטע, גערעטעטע. אין דער גליקליכער שטימונג ווערט איהר גוט האַרץ איבערפולט און זי פרעגט זיך נאָך, ווי פיהלט זיך דער מאַן.

— ביזט אַזוי בלייך. דיר איז ניט גוט, טייערער מיינער?

— מיר איז ניט קאַלט — ענטפערט ער.

— נאָר דיר איז עפּעס געשעהן? דיין פּנים איז אַזוי מאָדנע צוקרימט.

דער מאַן ענטפערט:

— ניין, איך שמייכעל. קענטיג, דאָס איז מיין מאַנערע צו שמייכלען אַזוי. כ׳וויל זיך צוגעוועהנען צו דער גרימאַסע.

זי הערט זיך איין אין די קורצע, הייזעריגע ווערטער און פערשטעהט זיי ניט, כאַפּט גאָרניט זייער מיין. וואָס וויל ער זאָגען?

נאָר פּלוצלינג וויקעלט ער איהר אַרום, מיט אייזערנע הענד, מיט אַ מורא׳דיגער קראַפט, און שעפּטשעט איהר אין פּנים אריין:

— וואָס ווילסטו זאָגען, אַז מיר וועלען אויסשטעלען הערנער איהם... יענעם, וואָס איז אוועק... אַז מיר וועלען איהם אויסשטעלען הערנער?

זי הויבט אָן צו שרייען און רופט די דיענסט. ער לאָזט איהר ארויס מיט א גאָר שטילען, טרוקענעם געלעכטער, און דערביי פער־מאַכט ער דעם מויל, ווי ביים גענעצען, און פּאַטשט זיך איבער די קניע.

אין דער פריה איז דער פּרוי'ס גוטע הארץ ווידער גובר, און זי זאָגט דעם מאַן:

— האָסט געהאַט א מאָדנעם אָנפאַל נעכטען אויף דער נאַכט; כ'האָף, אז דאָס איז אַריבער; נאָר דו ביזט נאָך היינט אויך בלייך.

—יא, — ענטפערט ער, — שווער צו זיין שאַרפזיניג אין מיינע יאָהרען. מעהר וועל איך קיינמאָל זיך ניט חכמה'נען.

נאָר, דערצעהלענדיג וועגען די פערשיעדענע ליעבעס, דערצעהלט דער מאָנאַך ווענדט נאָך וועגען איינער און זאָגט:

— ווי עס פער'שכור'ט אייגענאַרטיגע ליעבע!

די יונגע זענען ערשט אהיים געקומען, זייער לאַנגע חתונה־רייזע האָט זיך שוין געענדיגט, און זיי געהען אָברוהען.

א שטערען איז אַראָבגעפאַלען און זיך אויסגעלאָשען איבער זייער דאַך.

זומער האָבען די יונגע שפּאַצירט צוזאַמען און ניט אָבגעטראָטען איינער פון אַנדערען. זיי האָבען געריסען געלע, רויטע און בלויע בלומען, און געגעבען איינער דעם אַנדערען, זיי האָבען געזעהן, ווי דער גראָז וויעגט זיך אויף'ן ווינד, און געהערט, ווי ס'זינגען די פויגעל אין די וועלדער און יעדעם וואָרט, וואָס זיי האָבען אַרויסגערעדט איז געווען, ווי א לאַסקע. ווינטער זענען זיי אַרומגעפאָהרען מיט גלעקלעך אויף די פערד, און דער הימעל איז געווען בלוי, און הויך האָבען געקלונגען די שטערען אין דעם אויביגען ווייטען רוים.

אַזוי איז פערביי א סך יאָהרען. די יונגע האָבען שוין געהאַט דריי קינדער און זייערע הערצער האָבען ליעב געהאַט איינער דעם אַנדערען, ווי אין ערשטען טאָג, ביי'ן ערשטען קוש.

ווערט דער שטאָלצער העררר קראַנק, און די קראַנקהייט שמידט איהם צום בעט און ברענגט צו א שווערען נסיון דיעם געדולד פון דער פרוי. אין יענעם טאָג, וואָס ער איז געזונד געוואָרען און איז אויפגע־

שטאַנען פון בעט, האָט ער זיך אַליין ניט דערקענט; די קראַנקהייט האָט איהם צוקאַליעטשעט און צוגענומען ביי איהם די האָר.

ער האָט געליטען און גע׳חלום׳ט. איינמאָל אין דער פריה האָט ער אַ זאָג געטהאָן:

— איצט האָסטו מיך שוין מעהר ניט ליעב?

נאָר זיין פרוי, אַ פערשעהמטע, האָט איהם אַרומגעפלאָכטען מיט די הענד און געקושט אַזוי ליידענשאַפטליך, ווי אין פריהלינג פון דער יוגענד, און געענטפערט:

— איך האָב דיך ליעב, ליעב אייביג. איך פערגעס קיינמאָל ניט, אַז דו האָסט גענומען מיך און ניט אַן אַנדערע, און אַז איך בין געווען אַזוי גליקליך.

און זי איז אַוועק צו זיך אין צימער און האָט אָבגעשניטען די גאַנצע גאָלדענע האָר איהרע פון קאָפּ, כדי צו ווערען עהנליך צו איהר מאַן, וואָס זי האָט אַזוי ליעב געהאַט.

און ווידער איז פערביי אַ סך יאָהרען, אַ סך יאָהרען, די יונגע זענען אַלט געוואָרען, און די קינדער זענען אויסגעוואַקסען. מיט יעדען גליק האָבען זיי זיך געטיילט, ווי פריהער; זומער האָבען זיי נאָך אַרומ־געבלאָנקעט און געקוקט ווי ס׳האָט זיך געכוואַליעט דער גראָז, און ווינטער האָבען זיי זיך פערהילט אין זייערע פעלצען און אומגעפּאָה־רען אונטער׳ן בעשטערענטען הימעל. און זייערע הערצער זענען אַלץ געווען פול וואַרעמקייט און פרייד, ווי פון כשוף־וויין.

און אָט האָט די ווייב אָנגעהויבען הינקען. די אַלטע פרוי האָט ניט געקענט אַרומגעהן אַליין, און ס׳איז אויסגעקומען אַרומצופיהרען איהר אויף אַ פּאָטער־שטול מיט רעדער, און דער הערר אַליין האָט איהר געפיהרט. נאָר די מאַדאַם האָט אַזוי פיעל געליטען פון איהר אונגליק, און איהר געזיכט האָבען צורונצעלט טיעפע קנייטשען פון טרויער.

האָט זי אַמאָל געזאָגט:

איצט וואָלט איך אַזוי געוואָלט שטאַרבען. איך בין אַזוי לאָם און מיאוס, און דיין פּנים איז אַזוי שעהן, דו קענסט מיך מעהר ניט קושען, און קענסט מיך מעהר ניט ליעב האָבען ווי פריהער.

נאָר דער הערר ווערט רויט פון אויפרעגונג, נעהמט איהר אַרום און ענטפערט:

— איך האָב דיך ליעב מעהר פון מיין לעבען, טייערע מיינע, כ'האָב דיך ליעב, ווי אין ערשטען טאָג, ווי אין דער ערשטער שעה, ווען דו האָסט מיך געגעבען די רויז. דו געדענקסט? האָסט מיך אויסגעשטרעקט די רויז און געקוקט אויף מיר מיט דיינע שעהנע אויגען; די רויז האָט געשמעקט, ווי דו, און דו ביזט רויט געוואָרען, ווי זי, און איך בין געווען שכור פון אַלע מיינע געפיהלען. גאָר איצט האָב איך דיך נאָך מעהר ליעב, דו ביזט שעהנער, ווי דו ביזט געווען אין דיין יוגענד, און מיין הארץ דאַנקט און בענשט דיך פאר יעדען טאָג, וואָס דו ביזט געווען מיינע.

דער הערר געהט צו זיך אין צימער, בעגיסט זיך דעם פּנים מיט אָלים, אז ער זאָל מיאוס ווערען, און ער זאָגט צו זיין פרוי:

— מיר איז געשעהן אַן אונגליק, כ'האָב זיך פערגאָסען דעם פּנים מיט אָלים, מיינע באַקען זענען פול פליאַמעס, און דו האָסט מיך, אודאי, מעהר ניט ליעב?

— אָ, מיין חתן, מיין געליעבטער! — שטאַמעלט די אַלטע פרוי און קושט איהם די הענד. — דו ביזט שעהנער פון אַלע מענשען אויף דער וועלט, דיין שטימע וואַרעמט אַן נאָך איצט דעם טאָג אין מיין הארץ, און איך האָב דיך ליעב ביז צום טויט.

יאָהאַנעס בעגעגענט קאַמילע'ן אויף'ן גאַס; זי איז צוזאַמען מיט איהר מוטער, איהר פאָטער און דעם יונגען ריטשמאָנד; זיי שטעלען אָב זייער קאָטש און רעדען מיט איהם ליעבליך.

קאַמילע נעהמט איהם אַן פאר'ן האַנד און זאָגט:

— ביזט ניט געקומען צו אונז. גלויב מיר, ביי אונז איז געווען אַ גרויסער יום טוב; מיר האָבען געוואַרט אויף דיר ביז צום סוף, און דו ביזט ניט געקומען.

— מ'האָט מיר געשטערט — האָט ער געענטפערט.

— פערצייה, וואָס איך בין ניט געווען ביי דיר זינט דאַמאָלס — זאָגט זי ווייטער. — איצט וועל איך קומען די טעג, ניט אַנדערש, ווען ריטשמאָנד וועט אַוועקפאָהרען. אָ, ס'אַרא יום טוב ביי אונז איז געווען! וויקטאָריע איז קראַנק געוואָרען, זי איז אַוועקגעפאָהרען אַהיים, האָסט געהערט? איצט וועל איך אין גיכען פאָהרען צו איהר. זי איז, אודאי, בעסער, ס'קען זיין זי איז שוין אין גאַנצען געזונד. כ'האָב געגעבען

ריטשמאָנד'ן אַ מתנה אַ מעדאַליאָן, כמעט אַזאַ, ווי דיינער. הער זיך איין, יאָהאַנעס, מוזט מיר צוזאָגען, אַז דו וועסט אַכטונג געבען אויף דיין אייוועלע; ווען דו שרייבסט פערגעסט'ו, און דאַמאָלס איז ביי דיר אַ שרעקליכער פראָסט. דו דאַרפסט אָנקלינגען דער שטוב־מיידעל.

— יא, כ'וועל אָנקלינגען — האָט ער געענטפערט.

און מאַדאַם סייער האָט מיט איהם גערעדט, פאַנאַנדערגעפרעגט, ווי געהט זיין אַרבייט, מיט דער ערצעהלונג: ג ע ש ל ע כ ט; האַלט ער שוין ווייט? זי וואַרט און קען זיך ניט דערוואַרטען אויף זיין נייען ווערק.

יאָהאַנעס האָט געגעבען דעם נויטיגען ענטפער, זעהר ניעדריג פערנייגט זיך און נאָכגעקוקט דער קאָטש. ווי וועניג איז דאָס אַלץ איהם נוגע, דער קאָטש, די מענשען, די פלוידעריי! אַ פוסטע און קאַלטע שטימונג איז איהם בעפאַלען און בעגלייט דעם גאַנצען וועג אַהיים. פאַר'ן טיהר פון זיין הויז האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ מענש הין און צוריק אויף'ן גאַס, אַן אַלטער בעקאַנטער, דער געוועזענער הויז־לעהרער פון שלאָס.

יאָהאַנעס האָט איהם בעגריסט.

ער איז געגאַנגען אין אַ לאַנגען, וואַרעמען ראָק, זעהר ריין אויסגעפוצט, און איז געווען לעבעדיג און ענטשלאָסען.

— פאַר אייך איז אייער פריינד און קאָלעגע — האָט ער געזאָגט.

— גיט מיר אייער האַנד, יונגער מענש. גאָט האָט וואונדערבאַר אָנגעפיהרט מיינע וועגען, איך בין פערהייראַט, איך האָב אַ הויז, אַ קליינעם סאָד, אַ פרוי. ס'געשעהען נאָך נסים אין לעבען. האָט איהר עפּעס וואָס אַקעגען מיין לעצטען אויסדרוק?

יאָהאַנעס האָט איהם אָנגעקוקט, אַ פערוואונדערטער.

— הייסט עס, אָנגענומען. איך בין געווען, פערשטעהט איהר מיך, איהר זוהן'ס לעהרער. זי האָט אַ זוהן, פון דעם ערשטען מאַן; פערשטעהט זיך, אַז זי האָט שוין איינמאָל חתונה געהאַט, זי איז געווען אַן אלמנה. איהר קענט מיר זאָגען, אַז דאָס איז ניט געווען בעשערט; נאָר דאָך האָב איך חתונה געהאַט מיט אַן אלמנה. אַ אינגעל האָט זי געהאַט פון פריהער. איך בין מיר דאָרט געגאַנגען און געקוקט אויף'ן סאָד און אויף דער אלמנה און געלעבט אַ שטיקעל צייט מיט שטענדיגע געדאַנקען וועגען דעם. פּלוצלינג ווערט דאָס אַלץ מיינס, און איך זאָג

צו זיך אליין: גוט, דאס איז ניט קיין בעשערטע זאך, און אזוי ווייטער; נאר דאך טהו איך עס, און בעשלים זיך, דען אזוי איז, קענטיג, שוין אויפגעשריבען אויף די שטערען. אט אזוי איז עס ארויסגעקומען.

— איך גראטוליר! — האט געזאגט יאהאנעס.

האלט! קיין ווארט מעהר! כ'וויים, וואס איהר ווילט מיר זאגען. און יענע, די ערשטע, ווילט איהר זאגען, — ניט שוין זשע האט איהר פערגעסען די אייביגע ליעבע פון אייער יוגענד? דאס טאקע ווילט איהר זאגען. נאר, פון מיין זייט וועל איך זיך ערלויבען אייך צו פרעגען, טייערער מיינער, וואו איז אהינגעקומען מיין ערשטע, איינציגע און אייביגע ליעבע? האט זי ניט גענומען דעם ארטילערישען קאפיטאן? צום סוף, וועל איך אייך פרעגען נאך איין קלייניגקע פראגע: האט איהר אמאל געזעהן, א מ א ל געזעהן, אז א מענש זאל קריגען די, וואס ער דארף קריגען? פאראן א לעגענדע פון איינעם א מענשען, וואס גאט האט איהם געהערט און ער האט געקראגען זיין ערשטע און איינציגע ליעבע. נאר דאס האט ניט געפיהרט צו א ווייטערען פראכט פאר איהם. פארוואס? וועט איהר ווידער פרעגען. און, פערשטעהט איהר מיך, איך וועל אייך ענטפערן: ניין, פשוט דערפאר, וואס זי איז גלייך געשטארבען — ג ל י י ך, איהר הערט, כאבא־כא, אין דער זעלבער רגע. און אזוי איז אלע מאל. פערשטעהט זיך, קיינער קריגט ניט די פרוי, וואס ער האט געדארפט קריגען; און געשעהט דאס איין־איינציגען מאל צוליעב דעם פערשאלטענעם רעכט און גערעכטיגקייט, — שטארבט זי גלייך. אלעס ענדיגט זיך ניט מעהר ווי מיט צערעמאניעס. און עס קומט א מענשען אויס צו זוכען זיך, אויב מעגליך, אן אנדער ליעבע, און עס לוינט ניט צו שטארבען פון אזא בייט. איך זאג אייך, אז די נאטור האט עס אזוי קלוג איינגעארדענט, אז דער מענש טראגט עס זעהר גרינג אריבער. איהר טהוט נאר א קוק אויף מיר.

יאהאנעס האט געזאגט:

— כ'זעה, אז אייך איז גוט.

— דערווייל, אויסגעצייכענט. הערט, פיהלט און קוקט! האט זיך דען א ים פון טרויעריגע זארגען דורכגעטראגען איבער מיין קאפ? כ'בין בעקליידעט, בעשוכט, כ'האב א הויז און א פאמיליע, א פרוי, קינדער — נו, איהר יונגעל. וואס כ'האב געמיינט מיט מיין פאעזיע,

וועל איך אייך באלד זאָגען. אָ, מיין יונגער קאָלעגע, איך בין עלטער פון אייך און, מיר דוכט, פעהיגער פון אייך. איך האלט מיין פּאָעזיע אין קופערט. מ'וועט ארויסגעבען נאָך מיין טויט. דאמאָלס האָט איהר ניט קיין שום פערגעניגען דערפון, ענטפערט איהר. איהר האָט ווידער אַ טעות. איך דערפרעה דערוויל מיט איהר מיין הויז־גע־זינד. אבענד־צייט, ווען מ'צינדט אָן די לאָמפּ, עפען איך אויף דעם קופערט, נעהם ארויס מיינע ליעדער און לייען זיי אויפ'ן קול, פאַר מיין ווייב און אינגעל. זי איז פערציג יאָהר אלט, ער — צוועלף. ביידע זענען ענטציקט. אויב איהר וועט אמאָל אריינקוקען צו אונז, וועט איהר קריגען אַן אָוועַנד־מאָלצייט און טאָדדי. איך לאַד אייך איין. זאָל אייך גאָט היטען פון טויט.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האנד יאָהאנעס'ן. פּלוצלינג האָט ער געפרעגט:

— איהר האָט געהערט פון וויקטאָריע'ן?

— פון וויקטאָריע'ן? ניין. כ'האָב געהערט, היינט, ערשט איצט....

— האָט איהר ניט געזעהן, אז זי איז קראנק, אז זי ווערט אַלץ שארער און שאַרער פאַר אונזערע אויגען?

— כ'האָב איהר ניט געזעהן פון פאַר־אַ־יאָהרען פריהלינג. זי איז נאָך קראנק?

דער הויז־לעהרער האָט געענטפערט קאָמיש־שאַרף און אַ טופּע געטהאָן מיט'ן פּוס:

— יאָ.

— כ'האָב עס ערשט געהערט... ניין, כ'האָב גאָר ניט געזעהן, זי זאָל וויאַנען, כ'פלעג זיך ניט בעגעגענען מיט איהר. זי איז שטאַרק קראַנק?

— זעהר. זי איז שוין אודאי געשטאָרבען, איהר פערשטעהט?

יאָהאנעס, אַ צוטומעלטער האָט אָנגעקוקט דעם מענשען, די טיהר, צי זאָל ער אריינגעהן אָדער שטעהן דאָ, קוקט ווייטער אָן דעם מענ־שען, זיין לאנגען ראָק, זיין הוט; ער האָט געשמייכעלט צומישט, קרענקליך, ווי אַ בעטלער.

דער אַלטער הויז־לעהרער האָט ווייטער געזאָגט, סטראשענדיג:

— נאָך אַ ביישפּיעל; איהר קענט עס אָבלייקנען? אפילו איהר איז ניט בעשערט געווען צו פעראייניגען זיך מיט דעם, וואָס האָט

געמוזט זיין איהרער, מיט איהר געליעבטען פון די קינדער־יאָהרען, מיט'ן יונגען, פרעהליכען לייטענאַנט. איינמאָל אין אַן אָוועגד איז ער געגאַנגען אויף יאַגד, טרעפט איהם אַ קויל אין שטערען און צושפּאַלט איהם דעם שאַרבען אויף צווייען. אזוי איז ער געפאַלען אַן אָפּפער פון אַ קליינעם צופאַל, וואָס גאָט האָט איהם צוגעשיקט. וויקטאָריע, זיין כלה, הויבט אָן צו וויאַנען, אַ וואָרים נאָגט איהר, צולעכערט איהר האַרץ, ווי אַ זיפּ; מיר, איהרע פריינד האָבען עס געזעהן. מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז זי געווען צו גאַסט ביי די סייערס; איבריגענס האָט זי מיר דערצעהלט, אַז איהר האָט דאָרט אויך געזאָלט זיין, איהר זענט אָבער ניט געקומען. מיט איין וואָרט, דאָרט צו גאַסט שטרענגט זי זיך אָן איבער די כחות, עררינערונגען וועגען איהר געליעבטען נעהמען איהר ארום, ווי אַ שטורם, און אַן איינגעשפּאַרטע פרעהט זי זיך, טאַנצט זי, טאַנצט דעם גאַנצען אָוועגד, טאַנצט ווי אַ משוגע'נע. און אַט פאַלט זי. אויף'ן פּאָדלאָגע זעהט זיך בלוט, מ'הויבט איהר אויף, מ'טראָגט איהר אַרויס און מ'פיהרט איהר אַהיים. איצטער געהט איהר שוין גאָר ניט אָן.

דער הויז־לעהרער געהט צו האַרט צו יאָהאַנעס'ן און זאָגט שטרענג:

— וויקטאָריע איז געשטאָרבען.

יאָהאַנעס הויבט אָן צו פיהרען מיט די הענד פאַר זיך, ווי אַ בלינדער.

— געשטאָרבען? ווען איז זי געשטאָרבען? אמת, זי איז געשטאָר־בען?

— זי איז געשטאָרבען — ענטפערט דער לעהרער. — זי איז געשטאָרבען היינט אין דער פריה, היינט פאַר מיטאָג. — ער האָט אַריינגערוקט די האַנד אין קעשענע און אַרויסגענומען אַ שווערען בריעף. — און זי האָט מיך געבעטען איבערגעבען אייך דעם בריעף. אָט איז ער. נאָך מיין טויט — האָט זי געזאָגט. — זי איז געשטאָרבען. איך גיעב אייך אָב דעם בריעף. מיין שליחות איז געענדיגט.

און ניט זעגענענדיג זיך, ניט אויסרייידענדיג קיין איין וואָרט, האָט זיך דער הויז־לעהרער אויסגעדרעהט, איז פּאַמעלעך אַוועק אַראָב גאַס און איז פערשוואונדען.

יאָהאַנעס איז געבליבען אַליין מיט'ן בריעף אין דער האַנד. וויקטאָריע איז געשטאָרבען. אַ סך מאָל האָט ער איהר הויך אָנגערופען

ביי'ן נאָמען, און זיין שטימע איז געווען אָהן געפיהל, כמעט האַרט. ער האָט זיך איינגעקוקט אויף'ן בריעף און דערקענט די האַנדשריפט; דאָרט זענען געווען גרויסע און קליינע בוכשטאַבען, גלייכע ליניעס, און די, וואָס האָט עס אָנגעשריבען איז געשטאָרבען!

און אָט לאָזט ער זיך צו זיין טיהר, אַרויף די טרעפ, זוכט אויס דעם נויטיגען שליסעל און עפענט די טיהר. אין זיין צימער איז געווען קאַלט און פינסטער. ער זעצט זיך ביי'ן פענסטער און ביי די לעצטע שטראַהלען פון טאָג-ליכט לייענט ער וויקטאָריע'ס בריעף.

— טייערער יאָהאַנעס! — האָט זי געשריבען. — ווען איהר וועט לייענען דעם בריעף, וועל איך שוין זיין טויט. איצט איז אַלץ פאַר מיר אַזוי מאָדנע, כ'שעהם זיך מעהר ניט פאַר אייך און שרייב אייך ווידער, ווי ס'וואָלט ניט געווען קיין שטערונג. פריהער, ווען כ'האָב נאָך אין גאַנצען געהערט דעם לעבעדיגען לעבען, וואָלט איך ליעבערשט געוואָלט מאַטערן זיך טאָג און נאַכט, איידער ווידער צו שרייבען אייך; נאָר איצט האָב איך אָנגעהויבען אויסגעהן, און איך טראַכט ניט מעהר אַזוי. זייטיגע מענשען האָבען בעמערקט, ווי בלייך איך בין, אַ דאָקטאָר האָט מיך בעטראַכט און געפונען, אַז מיר איז געבליבען נאָר אַ שטיקעל פון איין לונג, — איז וואָס זאָל איך איצט זיך שעהמען?

כ'בין געלעגען דאָ אויף'ן בעט און געטראַכט וועגען די לעצטע ווערטער, וואָס כ'האָב אייך געזאָגט. דאָס איז געווען אָוועגד-צייט, אין וואַלד. דאַמאָלס האָב איך ניט געטראַכט, אַז דאָס וועט זיין מיינע לעצטע ווערטער, אַניט וואָלט איך זיך געזעגענט מיט אייך און אייך געדאַנקט. איצט וועל איך אייך מעהר ניט זעהן, און איצט בעדויער איך, וואָס כ'האָב זיך ניט געוואָרפען צו אייערע פיס, און ניט געקושט זיי און ניט געקושט די ערד, וואו איהר זענט געגאַנגען, און ניט געוויזען אייך, ווי שטאַרק איך האָב אייך ליעב. איך בין דאָ געלעגען נעכטען און היינט און געוואָלט, מיר זאָל ניט ווערען ערגער, כ'זאָל קענען אַהיים פאָהרען און אַוועק אין וואַלד און אויסזוכען דעם אָרט, וואו מיר זענען געזעסען, ווען איהר האָט מיך געהאַלטען פאַרביידע הענד; און איך וואָלט זיך געלעגט אויף דער ערד און געפונען אייער סליאַד, און קושען די גראָז אַרום. נאָר איצט קען איך ניט אַהיים פאָהרען, אויב ס'וועט מיר ניט ווערען אַ ביסעל בעסער, ווי עס האָפט די מאַמאַ.

טייערער יאָהאַנעס! ס'איז אַזוי מאָדנע צו טראַכטען, אַז מיר איז

מעהר ניט בעשערט געווען, ווי צו קומען אויף דער וועלט און אייך ליעב צו האבען, און איצט זעגען איך זיך מיט'ן לעבען. גלויבט מיר, אז ס'איז אזוי מאדנע דא צו ליעגען און ווארטען דעם טאג און די שעה. טריט ביי טריט דערווייטער איך זיך אלץ מעהר פון'ם לעבען און פון די מענשען אויף'ן גאס און דעם קלאפען פון די קארעטעס; דעם פריהלינג וועל איך שוין מעהר קיינמאל ניט זעהן, און די אלע הייזער, און גאסען, און די בוימער אין פארק וועלען בלייבען נאך מיר. איך בין היינט געזעסען אין בעט און ארויסגעקוקט אביסעל דורך'ן פענסטער. דארט אונטען, אין ווינקעל, האבען זיך בעוויזען צוויי מענשען, זיי האבען זיך בעגעגענט, בעגריסט זיך, אנגענומען איינער דעם אנדערען פאר די הענד און דערביי האבען זיי געלאכט, זיי האבען גערעדט; און מיר איז אזוי מאדנע געווען, וואס איך ליעג און ווארט אויף מיין שעה; נאר ווען זיי וויסען עס אפילו, וואלטען זיי אלץ איינס בעגריסט איינער דעם אנדערען און גערעדט איינער מיט'ן אנדערען, ווי איצט. מיט א נאכט פריהער, ווען ס'איז געווארען פינסטער, האב איך געמיינט, אז ס'האט שוין געשלאגען מיין לעצטע שעה, מיין הארץ האט אנגעהויבען אבצושטעלען זיך און ס'האט זיך געדוכט, אז פון דער ווייטענס טראגט זיך צו מיר דער גערויש פון דער אייביגקייט. נאר אין א רגע ארום בין איך צוריקגעקומען פון דער ווייט און אנגעהויבען ווידער אטהמען. דאס איז געווען גאר אן אונבעשרענקט געפיהל. נאר די מאמא מיינט, אז כ'האב זיך פשוט דערמאנט אן א קוואל אדער וואסער־פאל, דארט, אין דער היים.

בארמהערציגער גאט! איהר מוזט וויסען, ווי כ'האב אייך ליעב געהאט, יאהאנעס! מיר האט זיך ניט איינגעגעבען ארויסצואווייזען אייך, אזוי פיעל זאכען האבען מיר געשטערט, און פריהער פאר אלץ — מיין אייגענע נאטור. דער פאפא איז אויך געווען אונ'רחמנות'דיג צו זיך, און איך בין דאך זיין טאכטער. נאר איצט, ווען כ'מוז שטארבען, און אלץ איז שוין צו שפעט, שרייב איך אייך נאכאמאל און זאג אייך דאס. איך פרעג זיך, צו וואס טהו איך עס, אויב דאס איז פאר אייך אלץ איינס, און איבערהויפט, אויב איך וועל שוין מעהר ניט לעבען; נאר מיר ווילט זיך ביז דער לעצטער רגע זיין נעבען אייך, איך זאל זיך ניט פיהלען א פערלאזענע, ווי אמאל. אט לייענט איהר עס, נאר מיר דוכט זיך, איך זעה אייערע אקסלען און הענד און זעה אלע אייערע בע־

וועגונגען איבער'ן בריעף, ווי איהר האָט איהם פאַר זיך און לייענט. און מיר זענען שוין ניט אַזוי אָבגעריסען איינער פון אַנדערען — טראַכט איך מיר. — כ'קען ניט שיקען נאָך אייך, דערצו האָב איך קיין רעכט ניט. די מאַמאַ האָט געוואָלט אַריינגעהן צו אייך נאָך מיט צוויי טאָג צוריק, נאָר איך האָב ליעבערשט געוואָלט שרייבען. מיר האָט זיך נאָך געוואָלט, איהר זאָלט מיך דערמאָנען אַזאַ, ווי כ'בין געווען אַמאָל, ווען כ'בין נאָך ניט געווען קראַנק. איך געדענק ,אַז איהר... (דאָ זענען עטליכע ווערטער אויסגעשטרייכט) ... מיינע אויגען און ברעמען; נאָר זיי זענען שוין אויך ניט דיזעלבע, ווי אַמאָל. און דעריבער האָט זיך מיר ניט געוואָלט, איהר זאָלט קומען. און איך וויל אייך בעטען, איהר זאָלט אויף מיר ניט קוקען אין טרונע. געווים, כ'בין כמעט די זעלבע ווי ביים לעבען, נאָר אַביסעל בלייכער, און איך ליעג אין אַ געלער קלייד; נאָר סיי ווי סיי וואָלט איהר חרטה געהאַט, ווען איהר זאָלט מיך קומען זעהן.

כ'האָב אָנגעהויבען שרייבען דעם בריעף היינט אַ סך מאָל, און דאָך האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען צו זאָגען אייך אפילו אַ טויזענד־טייל דערפון, וואָס כ'האָב געוואָלט זאָגען. ס'איז מיר אַזוי שרעקליך צו שטאַרבען, איך וויל עס ניט, און איך האָף נאָך אַזוי פיעל צו גאָט, אפשר, וועט מיר ווערען אַביסעל בעסער, כאָטש ביז פריהלינג. דאַמאָלס זענען די טעג ליכטיג און בלעטער אויף די בוימער. ווען איך זאָל אויפ'ס ניי געזונד זיין, וואָלט איך אייך קיינמאָל מעהר ניט וועה געטהאָן, יאָהאַנעס. וויפיעל האָב איך געוויינט און געטראַכט! אַך, איך וואָלט געוואָלט אַרוים אויפ'ן גאַס און לאַשטשען אַלע שטיינער און אָבשטעלען זיך און דאַנקען יעדע טרעפ, וואו איך בין דורכגעגאַנגען, און זיין גוט צו אַלעמען. אַלץ איינס, ווי שווער עס זאָל ניט זיין, אַבי לעבען. איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט מעהר, ניין, איך וואָלט געשמייכעלט צו דעם, וואָס וואָלט מיך געשלאָגען און געדאַנקט און געלויבט גאָט, נאָר — לעבען. מיין לעבען איז נאָך גאָר ניט אויסגעלעבט, כ'האָב פאַר קיינעם גאָר ניט געטהאָן, און דאָס פערפעהלטע לעבען מוז זיך איצט ענדיגען. ווען איהר זאָלט וויסען, ווי מיר ווילט זיך ניט שטאַרבען, וואָלט איהר אפשר עפּעס געטהאָן, געטהאָן אַלץ, וואָס איהר קענט נאָר. איהר קענט, געווים, גאָר ניט טהאָן; נאָר איך האָב געטראַכט, אַז ווען איהר און די גאַנצע וועלט זאָלען בעטען גאָט פאַר מיר און ניט וועלען

זיך צושיידען מיט מיר, וואָלט מיר גאָט געשאָנקען דאָס לעבען. אָך, ווי דאַנקבאַר איך וואָלט געווען, איך וואָלט שוין מעהר קיינעם קיינמאָל ניט וועה געטהאָן, און געשמייכעלט אויף אַלץ, וואָס איז מיר נאָר בעשערט, נאָר צו קענען לעבען.

די מאַמאַ זיצט דאָ און וויינט. זי איז אַזוי אָבגעזעסען די גאַנצע נאַכט און מיך בעוויינט. דערפון ווערט מיר אַביסעל לייכטער, דאָס פערגרינגערט די ביטערנים פון דעם צושיידען זיך. היינט האָב איך נאָך געטראַכט: וואָס וואָלט איהר געזאָגט, ווען כ'זאָל אין איין שעהנעם טאָג צוגעהן צו אייך אין גאַס, שעהן אָנגעטהאָן, און ניט געזאָגט קיין איין שלעכטען וואָרט, און געגעבען אייך אַ רויז, וואָס כ'האָב פריהער געקויפט. און באַלד דערנאָך האָב איך אַ טראַכט געטהאָן, אַז קיינמאָל וועל איך שוין ניט טהאָן, וואָס איך וויל; דען קיינמאָל וועל איך שוין ניט געזונד ווערען, איידער כ'וועל שטאַרבען. איך וויין אַזוי אָפט; איך ליג מיר שטיל און וויין אָהן אויפהער, אָהן טרייסט; דערפון טהוט מיר ניט וועה אין האַרצען, נאָר ניט יאָמערן; יאָהאַנעס, טייערער, טייערער פריינד, מיין איינציגער געליעבטער אויף דער וועלט, קומט איצט צו מיר און זייט דאָ אַביסעל, ווען דער טאָג וועט האַלטען ביי'ן פערגעהן. איך וועל ניט וויינען, נאָר שמייכלען, וויפיעל כ'קען, פול פרייד, וואָס איהר זענט געקומען.

ניין, וואו איז מיין שטאָלץ און מיין מוט! איך בין איצט קיין טאָכטער פון מיין פאָטער; נאָר דאָס קומט דערפון, וואָס כ'געה אויס פון די כחות. איך האָב געליטען אַ לאַנגע צייט נאָך פאַר די לעצטע טעג. ווען איהר זענט געווען אין אויסלאַנד, האָב איך זיך געמאַטערט, און דערנאָך, ווען כ'בין געקומען צופאָהרען אין שטאָדט פריהלינג־צייט האָב איך יעדען טאָג נאָר געמאַטערט זיך. איך האָב פריהער קיינמאָל ניט געוואוסט ווי אונענדליך־לאַנג עס קען זיין אַ נאַכט. כ'האָב אייך געזעהן צוויי מאָל אויף'ן גאַס פאַר דער צייט; דעם ערשטען מאָל האָט איהר וואָס צוגעזונגען, פערבייגעהענדיג פאַר מיר, נאָר איהר האָט מיך ניט געזעהן. כ'האָב געהאָפט, אַז כ'וועל אייך זעהן ביי די סייערס; נאָר איהר זענט ניט געקומען. איך וואָלט ניט גערעדט מיט אייך, ניט צוגעגאַנגען, נאָר דאַנקבאַר געווען, וואָס כ'קען קוקען אויף אייך פון ז'ער ווייטענס. נאָר איהר זענט ניט געקומען. און דאַמאָלס האָב איך אַ טראַכט געטהאָן, אַז אפשר איז דאָס צוליעב מיר. עלף אַזייגער האָב

איך אָנגעהויבען טאַנצען, ווייל ס'איז מיר געוואָרען אונמעגליך צו ווארטען לענגער. יא, יאָהאַנעס, כ'האָב אייך ליעב געהאַט, נאָר אייך ליעב געהאַט מיט מיין גאַנצען לעבען. וויקטאָריע אַליין שרייבט די שורות, און גאָט לייענט עס הינטער מיין אַקסעל.

און איצט מוז איך זיך זעגענען מיט אייך, ס'איז שוין געוואָרען במעט פינסטער, און איך זעה מעהר ניט. זייט געזונד, יאָהאַנעס, א דאנק אייך פאר יעדען טאָג. ווען איך וועל אוועקפליהען פון דער ערד, וועל איך נאָך אייך אַלץ דאַנקען ביז דער לעצטער רגע און דעם גאַנצען וועג אַלץ אויסרעדען אייער נאָמען פאר זיך. לעבט גליקליך אייער גאַנצען לעבען און פערגיט מיר, וואָס כ'האָב אייך אזוי וועה געטהאָן און וואָס כ'האָב זיך ניט געקענט ווארפען אייך צו די פיס און בעטען בערצייהונג. איך טהו עס איצט ביי זיך אין הארצען. לעבט זשע גליקליך, יאָהאַנעס, און זייט געזונד אויף אייביג. און נאָכאמאָל א דאנק אייך פאר יעדען טאָג און שעה. מעהר קען איך ניט.

אייער וויקטאָריע.

איצט האָט מען אָנגעצונדען די לאָמפּ, איז מיר געוואָרען פיעל ליכטיגער. איך בין געלעגען אין א טיעפער פערגעסענהייט, און בין ווידער געווען ווייט פון דער ערד. איצט איז מיר, א דאנק גאָט, שוין ניט אזוי שרעקליך ווי פריהער, כ'האָב אפילו געהערט א שטילע מוזיק, און, דער עיקר, ס'איז ניט געווען פינסטער. איך בין אזוי דאנקבאר. נאָר איצט האָב איך מעהר ניט קיין כח צו שרייבען. זייט געזונד, מיין ליעבסטער...

